נאטאן מארק (אבי אביר־ציון)

# דערהויבנקייט

1. אצילות
2. תפילה־לידער
3. תהילים־לידער

פארלאג "במשעולי" חיפה 1962

## א יישר־כוח

דאָס פאַרעפנטלעכן פון דאָזיקן בוך איז דערמעגלעכט געוואָרן א דאנק דער מיטהילף פון מיינע געשוועסטער־קינדער:

**דבורה און זלמן מארק**

**פון סאַן־פראַנציסקאָ.**

א האַרציקן יישר־כח!

מיין טייערן זון

# אביר ציון

וועלעכער איז אין זיין גאנצן וועזן געווען א דערהויבנקייט אי פאר טאטע־מאמע אי פאר יעדן איינציקן מיט וועמען ער איז געקומען אין באריר — מיט שרעקלעכן ווייטיק און מיט אומגעהייערער אומבא־שרייבלעכער בענקשאפט, וועלעכע וועט שוין קיינמאל־קיינמאל ניט געשטילט ווערן.

# אינהאלט

## תהילים לידער



## חז״ל לידער

# אריינפיר

אין די דאָזיקע פּאָעמעס האָב איך געוואָלט געבן דעם תּמצית פון אצילות אין דער חסידישער באַוועגונג. כדי דעמדאָזיקן אויס־צושיילן, זענען געגנוג די עטליכע געשטאַלטן וועלכע איך האָב דאָ קאָנטורירט. מ׳וואָלט געקענט יעדן חסידישן מנהיג, מיט אנדערע פארבן מאָלן; די פארבן וואָלטן אָבער באַרייכערט בלויז די פּ אָ ר ע ם, מיט גאָר נישט — דעם אינהאַלט. אין די דאָ פּרעזענטירטע פיגורן געפינען מיר די אַלע מעלות וועלכע — הלואי וואָלט די וועלט געבענטשט געוואָרן כאָטש מיט א טייל פון זיי, וואָלט זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א גן־עדן התחתון.

דאָ געפינט איר:

א. ליבע צום האָרעפּאַשניק און מסירות־נפש׳דיקן פארלאַנג צו לעבן נ אָ ר פון אייגענער האָרעוואַניע (בעל־שם);

ב. געטרייקייט פון א ווייב און הסתפּקות במועט (דעם בעש״ט באַשערטע);

ג. רעוואָלט אקייגן אומגערעכטיקייט אפילו ווען זי ווערט באַגאַנגען לגבי דער סאַמער העכסטער אינסטאַנץ (דער באַרדיטשעווער);

ד. לעבן אין אחדות, דעמלט וועט זיין גוט און ווויל (דער אַפּטער);

ה. אפילו די גרעסטע עבירה קייגן גאָט איז קיין עבירה ניט ווו עס איז פאַראַן די קלענסטע סכנה פארן מענטשנס געזונט (דער סטרעליסקער);

ו. זיך ניט גרויס האלטן מיט יחוס־אבות און לומדות; דער עיקר איז יחוס עצמו און מעשים טובים (דער רבי ר׳ הערש).

ז. אָפענע האנט אָן א גרעניץ און אָן חשבונ׳ען, ווו סע גייט, העלפן א נויטבאדערפטיקן (ר׳ אורילע סאמבערער, ר׳ מאירל פרעמיש־לאנער; ר׳ משה לייב סאסאָווער).

ח. ריינקייט און שיינקייט פון דער נשמה זאָל זיך אָפשפיגלען אין ריינקייט און שיינקייט פון גוף (דער רוזשינער).

און דאָס בין איך אויסן געווען מיט די דאָזיקע לידער — בולט צו מאכן די מאָראלישע און הומאנע יסודות פון דער באוועגונג, דער באגרינדער פון וועלעכער איז צוריק מיט איבער 200 יאָר אוועק פונעם עולם השפל.

# דעם בעש״ט׳ס שליחות

.1

צוויי הונדערט יאָר !
צוויי הונדערט יאָר פון זינט דו ביסט פון אונדז אוועק,
דו וואָס האָסט דער וועלט געוויזן נייעם וועג.

האָט דיין קומען אויף דער וועלט א נוץ געבראַכט ?
קלאָר,
בשעתו ביסט געוועז כאור
פאר די פאר וועלעכע די וועלט געוועזן איז נאכט :
בעל־מלאכה׳ס,
בעל־עגלה׳ס,
„עמך״ סתם —
האָסט מענטשן דו פון זיי געשאפן
און געגעבן זיי אין זייער וואָכעקייט א טעם ;
און דאָס אליין איז שוין כדאי :
דאָס גאנצע לעבן איז דאָך קיי־און־שפיי,
האָסטו פאר זייערטוועגן אויפגעבויט א היכל אינעם עולם־העשיה און פארזיכערט,
אז פאר זיי עס זענען א ו י כ ע ט שטולן אָנגעגרייט
אין עולם האצילות
וועלעכער פאר איידל־לייט בלויז, לעבנס־ציל איז ;
וואָס דארף א מענטש דען מער ?

אין הווה, פילן אז ער איז ניט ליאדע־ווער,

ער לעבט צוליב א תכלית;

און פארזיכערט זיין:

אין טרקלין,

אויסגעסטראָיעט,

אויסגעצירט,

און מיט אפרסמון פארפומירט;

דאָרטן וווּ מ'וועט פאר א נ ד ע ר ע, כיבודים גרייטן —

וועט מען אויך פאר א י ם

ניט ווייניקער ווי פאר א צווייטן...

יאָ, דו גרויסער צדיק;

וואזשנע,

הייליק,

איז געווען דיין ראָל;

געווען — —

אמאָל — —

נאָר זייט פארבעטן ביסט געוואָרן אין פמליא של מעלה,

האָט א טייל פון די וואָס האָבן זיך דיין קרוין אויף זייער קאָפּ געזעצט —

פון נאָמען דיינעם זיך געמאכט א דגל,

און דיין גאָט פארביטן אויף אן עגל...;

און א טייל פון די וואָס האָבן אינעם פראָך פון דיינע פיס געשטויבט זיך —

האָבן פון דיין „אנכי־לרעך" — תורה,

מייסטנס בלויז די ערשטע העלפט געהאלטן...

און געוועזן זיכער,

אז א ז ו י אפילו —

מיטן כוח פון א מצווה'לע,

א תפילה,

זענען אלץ נאָך ז י י דעם בורא ניחא'ר...

.2

און היינט ביי אונדז?

ביי אונדז עס זענען דאָך פאראַן אזעלעכע

וואָס מיטן כוח פון דיין שם המפורש

ווילן עוקר זיין פון שורש,

אַלץ וואָס יידיש הארץ,

וואָס יידיש בלוט,

און יידיש געלד —

פאר יידיש — נויט

האָט דאָ אין ארץ אבותינו אויפגעבויט!

זיי וואָלטן ליבער זען דאָס לאנד אין גויים׳ס הענט,

איידער א מאשין,

א טראקטאָר, —

אין די הענט פון א חלוץ;

א קעלניע צו א האמער —

אין די הענט פון א מגולח.

יאָ, דאָס טוען דיינע מענטשן אין דיין גרויסן נאָמען,

וועלעכן במזיד זיי פאר׳טמא׳ן...

ביי דיר,

איז דער וואָס וווינט ניט אין ישראל

גלייך געווען — ווי ביי חז״ל —

צו דעם וואָס דינט עבודה־זרה;

און ביי די פאנאטישע פלאָכטאנעס

מעג זיין גאנץ ישראל א כפרה

פאר איין פאָדים פון חלזון,

פאר צוויי ריטלעך פון הושענות.

און וואָס שרעקלעכער ווי שרעקלעך —

זיי רויבן קינדער פון א טאטע־מאמע,

אַז אָנשטאָט גיין אין שול

זיי אָנצושטאָפּן מיט בית־הלל און בית־שמאי...

.3

וואָלט געוועזן נויטיק און כדאי,
זיך מיען ביי דעם כסא־הכבוד,
ביי די אבות,
ביי משיח בן־דוד —

איינצופלאנצן יושר,
שכל־ישר,
אויב עס איז ניט מעגלעך
אינעם הארץ פון די וואָס וואנדלען נ י ט אין דיינע שפורן,
דאן לכל־הפחות אין די הערצער יענעס,
וועלכע הייליקן דיין נאָמען ווי מטטרונ׳ס...

הייב־זשע אויף די ברעמען דיינע, צדיק,
ווארף א בליק אויף אונזער ערד,
השקיפה, הייליקער, אויף אונזער לאנד,
און האלט מיט רחמים איבער דיינע טעכטער,
זין,

דיין רעכטע האנט,
זיי זאָלן די נשמה ניט דעם אשמדאי פארקויפן,
שטענדיק בלויז נאָך חומר לויפן
און דעם אָנשטעל מאכן:
ז י י די פיוסט אקייגן גוג־מגוגן...

גוטן זכות זאָלסט צדיק פאר אונדז טראָגן,
זכותך עלינו יגן...

## דער בעש"ט

.1

צדיק,
דו געוועזן ביסט דער ערשטער,
אָנשטאָט מיט א קאנטשיק,
האָסטו קינדער מיט געזאנג
אין חדר,
שיל
און וואלד
געפירט.
אויך דערמיט ביסטו געווען דער ערשטער,
וואָס ביי דיר זיי האָבן ניט מארשירט
ווי זעלנער,
נאָר ווי לעמעלעך צום קול פון פאסטעכס פייפל
און פון גלאָק־געקלאנגען.
זענען, יצחקלעך,
אברעמעלעך,
דיר נאָכגעגאנגען,
און באצירט
מיט בלומען,
גרינע צווייגן,
זענען זיי פון וואלד,
פון פעלד,
אין שיל געקומען.

און געזאנג און פרייד,
געוועזן דיין גאנג אויך שפעטער,
ווען די מענטשן האָבן דיך, אלס לוין,
געזאלבט צום קעניג אָן א קרוין!

.2

ר׳ פנחס׳ל דובעצקער,
דיין,
עושר,
חכם,
ווו א בוררות,
אַן עצה,
צי אזוי ביי יעדער שעת־הכושר:
א הכנסת־כלה,
ווו א שנאָרער, איז:
ר׳ פנחס׳ל, ר׳ פנחס׳ל.
אלע אלע,
טראָגן אָט דעם נאָמען
אי מיט ליבע,
אי מיט יראת־הכבוד
אויף די ליפן.
און אין לויטער יחוס איז ר׳ פנחס איינגעטונקען:
מורי־הוראות
און רביים
און אזוי נשואי־פנים
וואָס זיך ציען ביז צו דוד המלך —
און־אָ דעם ר׳ פנחס, האָסט געשיקט דו
זיך משדך זיין מיט יענקל מילעכיקער
ערגיץ אין א דאָרף;
ווייל דיר איז ניט דער כוח פונעם מוח

נאָר דער כוח פונעם  האר ץ
געווען דער עיקר.

און בעת ר׳ פנחס מיט זיין רבי׳צן
צו יענקלען איז געקומען,
אים געטראָפן שטיין א באָרוויסן
פארקאטשעט ארבל,
הויזן,
ביי א דזישקע זויער־מילעך ;
אן עם־הארץ וועלעכער גייט אפשר אין א מקום־קדוש
בלויז צו ימים־נוראים ;
וואָס ניט קען קיין פירוש המלות
און א חוץ א סידור,
מחזור,
סליחה,
צאינה־וראינה
און הגדה,
איז אין שטוב קיין אנדער ספר ניט צו טרעפן —
איז זיי פינצטער־נאכט געוואָרן פאר די אויגן :
„דער וועט אונדזער מחותן זיין ?
א טאָכטער זיינע,
זווג פון אזא בן־יחיד
וועלכנס שם באקאנט
אין גאנצן לאנד ? !
אן עילוי מלא וגדוש,
שיין ווי יוחנן,
און איידל זיינע דרכים
ווי א בן־מלכים ;
צו אים עס שדכענען זיך סאמע סענץ,
די סאמע סמעטענע פון יידישער אצילות,

גדולה־תורה במקום אחד
און דאָ — — — — !!?!?״

נאָר ווען דער הייליקער בעל־שם אזוי פארשטאנען,
איז קיין טענות ניט פאראנען.

3.

האָסט געלאכט מיט התלהבות,
ווען דער האָרעפּאשניק שבתי
וואָס פון מענטשנס־גאָב האָט ניט געוואָלט געניסן,
אויך ניט דעמלט ווען אין שטוב איז ניט געווען קיין ביסן
ליבער וועט ער ניט אויף שבת גרייטן
ניט קיין לעכט אפילו בענטשן
און אוודאי ניט קיין קידוש מאכן —
איידער בעטן זיך ביי מענטשן,
איידער זיך פארקלאָגן פאר א צווייטן.
און ווען ער,
מיט פרייד מיט אומבאגרענעצטער,
פון טיש אפּירגעגאנגען
און זיין ווייב צום טאנץ גענומען,
נאָך די פיש,
דער יאָוך,
דעם פליישׁ —
האָסטו אזוי נאאיוו
און טריי
און טיף
געלאכט,
אז די חסידים האָבן קוים דערוואַרט די נאָך־הבדלה,
דיך צו פרעגן
וואָס דו האסט געמיינט,
געטראכט.

און ווען האָסט זיי באוויזן,
טאקע דורכן „טענצערס״ מויל אליין,
וואָס דעמלט איז געשען,
האָסטו זיך ווי מתנצל געווען,
אז ניט בלויז דו,
אויך די מלאכים האָבן מיטגעלאכט.

4.

אין הערצער טרויריקע,
נשמות אויסגעליידיקטע,
האָסטו געזאנג ארייַנגעגאָסן.
האָסט דערצו א רמז אויך געפונען,
אין דעם־ניט־אויסצושעפנדיקן ברונען,
אינעם סוד פון אונזער קיומ׳ס
סוד־יסוד...
אין סאמע ערשטן וואָרט פון אונדזער תורה:
אותיות „בראשית״ — האָסט געטייטשט דו —
מאכן: „שיר תאב״:
צו שירה האָט געגלוסט דער בורא,
האָט ער הימל־ערד באשאפן.

5.

איז דאָס געווען דיין תכלית גוטער־ייד:
ניט לאָזן קיינמאל עצבות־פיין,
דעם מענטשן גובר זיין.
וואָלט גאָט
געהאלטן א באראָט
מיט דיין נשמה וואָס געלייגן אין סאפירן־קעסטל אונטערן כסא־הכבוד
וואָלט ער זיכער צו די „לא״ס פון צען־געבאָט,

אויף זיינע לוחות נאָך איין „לא" געקריצט:
א „לא"
וואָס פאַרן שטן וואָלט געווען דער שטאַרקסטער אנטידאָט:
לא תעצב!
דו זאָלסט ניט טרויערן!
ווייל —
„א תפלה איז בכוח עפנען טויערן,
געזאַנג און פרייד — צו ברעכן מויערן".

# דעם בעש״ט׳ס באשערטע

(באלאדע)

.1

אינעם נעסט פון חכמה און פון וועלטלעכקייט,
ווו מען געפֿאַרשט,
געלערנט,
אין דער טיף
און אין דער ברייט;
אין שאָטן פונעם רמב״ם און אריסטאָ,
אין א הויז פון טרוקענער גאונות
ווו מען מוטשעט זיך אין יעדער קלייניקייט צו זען עוונות,
ווו דאָס הארץ געוועזן א טפל לגבי׳ן קאָפּ —
איז א מיידאלע געוואקסן,
ווי סע וואקסט א בלום אין בלומען־טאָפּ...

און ווען עס האָבן זיך א רוק געטאָן די יאָרן,
און דאָס מיידל א בוגרת איז געוואָרן,
און דער מלאך אכרזיאל האָט געזען:
עס דראָט,
א הימלישער באפעל זאָל בטל ווערן...
האָט גענומען ער רשות פון דער פמליא,
און צום צווייטן מאָל,
מיט בליץ און דונער אויסגערופן

— זיין בת־קול זיך צעהילעכט האָט אין אלע הימל־עקן —:
„הא בהא תליא!
א זווג פון נשמות,
פאַדערט אויך באהעפט פון גופן!
לויט א גזר מן השמים,
געכאסמעט מיטן חותם די ביה מלכא בגלופין,
איז חנה בת־אפרים
לישראל בן אליעזר!"

.2

האָט סרול דער בעלפער,
זיין געשניצטן שטעקן אין דער האנט גענומען;
און די פיס
— אריינגעשטעקטע־ן שטיוול הויעכע,
פון וועלעכע די גראָבע פינגער האָבן זיך ארויסגעזען —
אים האָבן אפן וועג קיין בראָד געטראָגן.
איז געקומען אים אקייגן פערד־און־וואָגן.
בעט ער דעם בעל־עגלה אים ארויף צו נעמען.
— ווו אהין האָט איר בדעה?
— ווו אהין איר פאָרט.
— דאָך?
— איך ווייס ניט וואָס איך זאָל אייך זאָגן.
דעם בעל־עגלה׳ס מוח קען חקרנות ניט פארטראָגן,
האָט ער זיך אף אים געטאָן א בייזער:
„יינגערמאן!
איר האָט בכלל קיין ציל ניט?
— ציל? נאראָנים בלויז זיך לויבן,
אז עס איז א ציל פאראנען
און זיי גייען אים אקייגן.
— תכשיט מיינער! איך פארשטיי ניט וואָס דו דבר׳סט!

מיר זאָלסט ענפערן אף דעם וואָס איך דיך פרעגן:
ווו אהין איז איצט דיין וועג?
— ליבער ייד,
עס זענען ניט פאראנען קיין באשטימטע וועגן,
אלע וועגן זענען ניט מער ווי געיעג
נאך עולם־הזה׳דיקער תאווה;
און א חוץ —
„רגלוהי דבר־נש,
לאתר דמתבעי תמן מובילין יתיה״.
— עפעס רעדט ער תרגום־לשון!
ווער פארשטייט אים?
„רעד, איך בעט דיך, עמך־לשון!
— איך וועל אייך פארטייטשן, פעטער;
דאָס איז א גמרא:
דאָרט אהין וווהין דער מענטש דארף גיין,
פירן אים די פיס אליין״.

דער בעל־עגלה בלייבט צעמישט א רגע,
גלאָצט די אויגן אף דעם מאָדנעם אורח,
שטעלט זיך אָפּ מיט פערד־און־וואָגן,
וויל אים עפעס זאָגן —
אף אמאָל צעווײנט ער זיך
און כאפּט דעם אורח׳ס האנט צום קושן.
סרול זי כאפּט צוריק און זאָגט בעניוות:
(די אויגן שמייכלען ליכטיק ווי עקיבא׳ס
ווען זיין רחל האָט די לאָקן אים דערלאנגט)
„ר׳ ייד!
אויב קושן,
דארף איך גיכער א י י ע ר האנט,
ווייל ראשית זענט איר עלטער,
שנית,

דאָס וואָס א י ר טוט,
וויכטיקער אסאך פון דעם וואָס א י ך טו:
ווען ניט איר,
וואָלט איך געמוזט צו פיס זיך שלעפן.
דאנקען וועם
זיך איך אזוי באקוועם
און רו זיך אויס די ביינער ?
אייך !
דורכדעמזשע,
זענט איר ניט נאָר מיט מיר גלייך,
נאָר העכער מיט א גאנצן קאָפּ״.

דערהערט אזעלעכע דיבורים,
דיבורים קיינמאָל ניט געהערטע,
האָט דער בעל־עגלה, מרדכי ליפּא׳ס, זיך געגעבן א צעזדראָכע,
מיט דער בייטש א טשוויאָכע,
מיט דער לייץ א צי
און אויפן פערד א יעכץ געגעבן,
טוענדיק א זינג דערביי „אבינו מלך״ —
אז דער פאסאזשיר
איז שיער ניט פון וועגאלע ארויסגעפאלן.

פלוצים לאָזט ער אָפּ די וואזשקעס,
דרייט זיך אויס און שטאמלט:
„ה־י־י־ס־ט עס אז— א־זע־לע־כ־ע־ווי מרד־כי לי־פּא׳ס
האָ־בן אויך א ווערט ?
— די גאָרע ערד געהערט דעם טאטן,
און דאָס אלץ וואָס זיך אף איר געפינט —
אים ליב איז,
ווי איעדן טאטן עס איז ליב זיין קינד״.

.3

סוף־כל־סוף
קיין בראָד געקומען.
האָט זיך אונדזער אורח אָנגעפרעגט צום רב.

אברהם־גרשון קוטאָווער, דער גאון,
וואָס זיין מוח טיפער ווי דער ים איז —
האָט דעם אורח צוגענומען פאַר א שאמעס.

האָט עניוות׳דיק דער שאמעס, סרול, באדינט איעדן.
און נאָכדעם דער עולם זיך צעגאנגען
און געבליבן בלויז יחידים
— פרושים צו בחורים —
וואָס דעם חלל פון בית־מדרש אָנגעפולט
מיט דבקות און קבלה,
מיט חריפות און גמרא —
האָט דער שאמעס זיך געלייגט דאָס קלימעקל צוקאָפּנס,
אף א באנק זיך אויסגעשטרעקט
און מיטן פויערישן טיזליק צוגעדעקט.

.4

האָט געזען דער עולם
אז דער שאמעס איז א שטילער און א ווילער,
כאָטש אן עם־הארץ און א מאָדנער נפש,
(ווערט פארשווונדן אין פארטאָגן און פארנאכטן).
אָבער טוט זיין דינסט בשלמות;
הגם עס ווייסט ניט קיינער ניט פון וואנט ער איז און ווער ער איז,
האָבן זיי אים מקרב געווען
און אָנגעהויבן פאַר א תכלית טראכטן...

.5

אין א טאָג,

ווען סרול האָט ר׳ אברהם־גרשונ׳ען געהאָלפן

אָנצוטון די ראַזעווולקע

און דערלאנגט דעם ציבעך מיט דער ליולקע

גיט צו אים דער רב א זאָג:

„ישראל! דארפסט שוין קלערן פאר א תכלית״.

אין דערזעלבער רגע,

איז אריינגעקומען חנה׳לע

דעם רב׳ס געלערנטע און שיינע שוועסטער,

צוויסן טון,

אז שרה לאָזט אים רופן.

האָט דער רב זיך אָנגעטון די נייע ווייסע זאָקן,

אין דער האנט גענומען גיך

דעם שטעקן מיטן זילבער־הענטל

און ארויס פון שטוב,

פארגעסנדיק אז ער געלאָזט זיין שוועסטער

מיט א פרעמדן זכר.

ווען ישראל זיך מיט חנה׳ן אין דער שטוב אליין געפונען —

ויהי אור!

זוכט ער דעם מקור —

פון די אויגן חנה׳לעס עס שטרעמט א ליכט

ווי זיבן זונען...

הויבט ישראל אויף צו איר די אויגן

— נאָכדעם ווי ער האָט דאָס ליכט געמאָסטן און געוויגן —

און מיט ווייכן ערנסט פרעגט:

„דו ביסט א דינסט דאָ, מיידל?״

האָט זיך חנה׳לע דערשראָקן,

געטון א ציטער פיס און הענט,

אי פאר דער השערה
(זי א דינסט־מויד? זי וואָס קען א בלאט גמרא!)
אי ניט מינדער,
פארן בלויזן ווענד.
— חס ושלום! איך א דינסט?!
איך בין דעם רבס א שוועסטער".

ישראל,
ניט נתפעל איז געוואָרן,
פון דעם יחוס,
און געשטעלט די צווייטע פראגע:
„זאָג מיר כ'בעט דיך,
וואָסאר פסול אין דיינע אויגן,
איז א מיידל וואָס איז יאָ א דינסט?"

חנה האָט געשטאמלט,
כאָטש זי ווייסט און פילט עס איז א גרויסער חילוק,
יאָר געגנוי מיט וואָס,
איז איר ניט קלאָר געוועזן.
איז איר סרול צו הילף געקומען:
„הער, רבס שוועסטער,
אלע מענטשן זענען גלייכע זין דעם טאטנס,
סיי דער קלענסטער, סיי דער גרעסטער;
איז דורכדעם קיין חילוק,
פון א דינסט וואָס קען קיין צורת אות
און ארבעט ביז חצות
ביי וואשן וועש צי רייבן בריקן;
ארבעטער אין פעלד,
אין וואלד,
צי אין פאבריקן;

טרעגערס,

בעל־מלאכה׳ס —

ביז אַן אָפּגעהיטענעם

וואָס איז מדקדק ניט פאַרפעלן יעדן טאָג די מאה ברכות,

און אין יחוס איינגעטונקען;

פונקט אַזוי ווי עס וואָלט כלל קיין חטא געוועזן,

ווען אַ רב אַ גאון

און אַ חכם־תרוץ,

זאָל משדך זיין זיך מיט אַן עם־הארץ.

— עפּעס ווערט מיר אַזוי ווארעם ווען איר רעדט,

ווי גלייך אַ מאמע גלעט איר קינד אין שויס.

— ווערטער וועלכע דרינגען אויסן הארץ ארויס,

דרינגען אינעם הארץ אריין.

— דאָס איז דאָך אַ גמרא,

און דער גרויסער דייטשער דיכטער געטע,

להבדיל בין הקודש ובין החול,

האט אויך געזאָגט אין זעלבן זין:

„עס מוסס פאָן הערצען געהען

וואס אויף הערצען וירקען זאָלל".

~~— וואָס געטע האָט געזאָגט, דאָס ווייס איך ניט;~~

— אז ~~אָבער~~ אין גמרא איז עס ניט בנמצא,

ווייס איך זיכער;

עס איז, אמת, זער אַ טיפער מאמר,

אָבער ניט אין דער גמרא.

און זאָלסט וויסן:

עיקר העיקרים איז ניט די גמרא;

אלצדינג קאָרע

וואָס ארום דעם בוים;

אפילו תורה,

איז ניט מער ווי שוים —

רחמנא ל ב א בעי,
און דערצו קען יעדער מענטש זיין ראוי,
מ׳דארף ניט זיין קיין גאון,
ניט קיין חכם,
עס איז איין מדרגה
פארן בעל־מלאכה
ייי פאר בן־מלכים״.

חנה האט געפעפענט מויל און אויערן,
און שטוינעדיק,
און שטאמלענדיק,
א שטילן פרעג געטון:
„וויזוי? איר קענט גמרא?
וואָזשע זאָגט איעדער אז איר זענט אן עם־הארץ?
— דאָס דערווייל א גרויסער סוד,
אנטפלעקט ער וועט ערשט ווערן,
ווען פון אויבן
א געבאָט איך וועל דערהערן.
נאָר ווען דו פילסט א פארלאנג
דעם פשר פונעם סוד צו וויסן —
קום מיט מיר,
וועל ווייזן דיר א טיר
וואָס פירט צום סודות־היכל,
סודות,
וועלעכע דיין ברודער מיט זיין שארפן שכל
קיינמאָל ניט פארשטאנען.
ד ו, זיי וועסט פארשטיין;
ביסט מסכים?״

חנה׳לה איז א מאָמענט פארטראַכט געבליבן,
און הגם האָט ניט פארשטאנען וואָס זי הערט —

ניט לאנג געקלערט:
„בין מסכים.
אָבער,
וואָזשע וועט מיין ברודער זאָגן?
— פרעג דיין הארץ און ניט דיין ברודער.
— פרעגן וועל איך אויך מיין ברודער,
אָבער פאָלגן וועל דאָס הארץ.
— איז גוט; א ברכה אף דיין קאָפּ".
די ווערטער אויסגעקלונגען,
איז א שטראַל־סנאָפּ דורך דער טיר אריינגעדרונגען,
און זיי ביידע אין א אוירעאָלע איינגעהילט.
אין יענעם אויגנבליק,
האָט חנה׳לה דערהערט מוזיק:
א פידאלע האָט מצוה־טאנץ געשפילט...

.6

חנה׳לע צום ברודער איז געקומען,
און אים פירגעלייגט דעם עניין.
ער האָט זיינע אויערן ניט געגלויבט,
ער פרעגט זי איבער צי זי האָט גע׳חלומט;
און זי ענפערט מיט פארדרייטע ווערטער:
„ניט גע׳חלומט,
אָבער דאָס מיין חלום —
ער איז מיין באשערטער.
— חצופה! — זיך צע׳כעס׳ט דער תלמיד־חכם
גלייך א שלאנג האט אים געביסן —
אויב דו מיינסט עס ערנסט,
זיי־זשע וויסן
אז איך זאָג זיך אָפּ פון דיר,
איך וועל דיך ניט אלס שוועסטער מער באטראכטן!

ווארפסט א פסול א שאנד, אויף דער משפחה!
ווי אזוי ביסטו געקומען אף אזא משונה׳דיקן רעיון?
— ניט דיין שרייען,
ניט דיין דראָען
וועלן זיין אימשטאנד
מיין חלום מיר אוועק צו רויבן!
איך בין טאקע שוועסטער פונעם בראָדער גאון,
אָבער ניט אין מוח — אינעם הארצן ווינט דער גלויבן...
— ווער סע גיט זיין טאכטער פאר אן עם־הארץ,
גלייך עד בינדט זי פאר א לייב!
— דער לייב איז קעניג,
און ישראל וועט דער קעניג פון מיין הארצן זיין.
— דו ביסט אראָפּ פון זינען!
— דארט ווו הערצער טרוימען שפינען,
זאָגן ניט קיין דעה, זינען...״

7.

אברהם גרשון קוטאָוועל דער גאון,
זענדיק, ניט העלפט קיין שרייען,
ניט קיין דראָען,
האָט דעם שפיץ פון באָרד אין מויל געגומען
זיך ארייגעבויגן און פארטיפט אין ספרים קדושים,
זוכנדיק א פתרון צו זיין שוועסטערס „חלום״,
ווי אזוי א מיידל פון גדולים,
זיך מדבק זיין וויל אָן אן ארחי־פרחי.
דאן זיך אויסגעגלייכט, ארייגעשטעקט די הענט אין ארבל פון באבלי־
[מלטן כאלאט
און זיך געטרייסט על־כרחו:
„ארבעים יום קודם יצירת הוולד...״

.8

חנה׳לה געפונען האָט דעם פּתרון.
און געפונען האָט זי אים
אויף יעדן טראָט פון לאַנגן וואַנדער־וועג
דורך וואַלד
און פעלד,
אָן זייט פון סרולן מיטן גראָבן שטעקן,
פויערישן טיזליק,
אונטער וועלעכן עס האָט געפונקלט
דער פאַרבלענדנדיקסטער פּאַלעץ פון דער גאָרער וועלט,
אָרנאַמענטירט מיט תּפילות,
פרייד,
געזאַנג
און טענץ
וואָס זענען אויף דער ברייט
פון זייער גאַנצער לעבנס־עגזיסטענץ
ווי בלומענטעפּעכער געווען אויסגעשפּרייט...

# ר׳ משה לייב סאסאווער

.1

אין א פראָסטן מיטוואָך,
ניט קיין קריאת־תורה, ניט קיין מארק־טאָג,
ווען דער רבי האָט א שעת־הכושר
זיך פארטיפן אין דברי חז״ל
און גרייטן „ליקוטי רמ״ל״,
פארשלמותן דעם רעיון
אז „דער מענטש וואָס קען ניט אויסדריקן
דאָס בלוט פון מכות און פון שחין ביי קינדער,
דער האָט ניט דערגרייכט די העלפט אפילו פון אהבת ישראל״ ;
„די וואָס מיינען :
מיט תעניתים און מקוואות
איז מען יוצא —
לעבן אין א גרויסן טעות״ ;
„איידער זאָגסט א צווייטן מוסר :
דאָס איז מותר,
דאס איז אסור —
זאָלסטו קודם דיינע אייגענע מעשים אויף דער וואָגשאָל לייגן,
צי די שלעכטע ניט חלילה איבערוועגן״ ;
די און ענלעכע אצילות־מיינען,
בעת די גרויסע בלויע אויגן
ווערן גרעסער,
ווערן קלענער,

און די באקן, ווי א קינדס אין חלום, שיינען;
ביזן מיטן קאָפּ ארויפגערוקט די יארמולקע די פּלושענע;
רעכטע האנט מיט אלע פינעף פינגער
איז ארייגעפלאָכטן אין דער ברייטער זילבער־באָרד,
די פּאות — סאנטינעלן וואָס אן אוצר היטן;
שטעלט זיך אויף פון צייט־צו־צייט
גייט־צו צום ספרים־שראנק,
מאכט־אויף א ספר,
קאָפּ א ווארף אַן זייט,
א קוק טוט צו דער סטעליע,
ווידער אינעם ספר,
גיך צום טיש
און מיט דער גענדזענער פעדער עפּעס א נאָטיר —
באווייזט זיך א בעל־עגלה אין דער טיר.
א קוש טוט די מזוזה,
און ניט רירט זיך פון דער שוועל.

— קומט נענטער ר׳ יחיאל!

דער בעל־עגלה,
א ייד, א גרויסער עם־הארץ
וועלעכן ליצנים פונעם שטעטל רופן:
„תנו־רבנן־העטטא
פטום־הקטורת — ווישטא״;
„כדי שעטענו, שעטענו, שעטענו״;
„חייב־מיתה־רבן־שמעון־בן גמליאל״ —
קוקט מיט זיינע אנדערטהאלבן ברילן
גלייך דעם רבין אין די אויגן,
און אזוי דערציילט יחיאל:
„רבי, שוין א וואָך ווי ס׳איז מיין פערד געפגרט,
און איך האָב קיין ברויט ניט פאר די קינדער.

— וואָזשע האָסטו אזוי לאנג געצעגערט ?
וואָס ביסט תיכף ניט צו מיר געקומען ?

— איך האָב ניט געוואָלט מטריח זיין דעם רבין.

— א רבין איז מען ניט מטריח,
א רבי איז מחוייב דאָס צו טון
וואָס מען ביי אים פארלאנגט,
און ער איז עס בכוח.
און דאָס, ניט בעל־כרחו, איבערדאנק,
נאָר מיטן גאנצן הארץ.
ניט דער חכם,
נבון
טוט דעם אייבערשטן הנאה,
נאָר דער עניו און בעל־טובה.
תורה שאין עמה מלאכה,
סופה בטלה וגוררת עוון —
דאנק אזעלעכע ווי איר וואָס טון מלאכה,
קענען יידן ווי למשל איך,
אין תורה עוסק זיין,
אין מצוות, אין עבודת הבורא,
און זיך היטן פון עוונות
פונקט אזוי ווי מיטן כוח פון די אָרעמע,
עס קענען עגזיסטירן רייכע...
זענען מיר, יחיאל,
שותפים גלייכע"...

יחיאל האָט ניט רעכט פארשטאנען וואָס דאָס הייסט :
א רבין איז מען ניט מטריח ;
שטענדיק זייענדיק פארהאיעט מיטן פערד און וואָגן,
האָט ער ניט די מעשה מיטן קינד געהערט :

בעת דער רבי צו כל־נדרי איז געגאנגען,
האָט זיך פון א שטוב
א קינדס געוויין צו אים דערטראָגן.
איז דער הייליקער אין שטוב אריינגעגאנגען
און דאָס קינד אויף זיינע הענט גענומען.
עולם האָט זיך ניט געקענט דערווארטן
אויפן אויגנבליק געגארטן,
ווען דער צדיק וועט אין בית־המדרש זיך באווייזן,
האָט שליחים ער ארויסגעשיקט —
אין ערגיץ ניט געפונען.
ווען די מאמע פונעם קינד פון שיל געקומען
(גערופן פון איר מיידעלע וואָס ניט געקאָנט דאָס קינד פארשטילן) —
זי געטראָפן רבין איינגעהילט אין טלית,
זינגענדיק דעם קינד די „יעלה׳ס״.

2.

— קומט מיט מיר!
רמ׳ל אריינפירט דעם בעל־עגלה ב׳שטאל
און זאָגט אים:
„נעמט די קו,
פארקויפט זי
און פארן געלד זיך קויפט א פערד״.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען די רביצן דערפון געהערט,
האָט זי געמאכט א ויצעקו:
„גאָט אין הויכן הימל!
רבונו של עולם!
האָסט דאָך גאָר קיין הארץ ניט!

ווּ וועל נעמען איך די קינדער מיט אביסל מילעך צו דערנערן?״
און ס׳באַגיסן אירע בלאַסע באַקן הייסע טרערן.

— איך פאַרשטיי דיך ניט;
דאָ וווינט אַ ייד: ער האָט קיין ב ר ו י ט ניט פאַר די קינדער
און דיר זיך גלוסט גאָר מ י ל ע ך...״
ענפערט ערנסט דער רמ׳ל,
און די רביצן גייט וויינענדיק אַריין אין שטאַל.

## דער באַרדיטשעווער

שטייט ער, קליינטשיק און פאַרפּלאָמט,
די לאַנגע פאות און דאָס בערדל גרוי ווי זאַמד,
די אויגן שוואַרץ ווי קויל.

הגם עס האָבן לאַנג שוין שטערן זיך באַוויזן,
איילט זיך ניט דער עולם;
(ווי אַזוי עס איילט זיך ניט אַ קינד אַוועק פון טאַטן
ווען עס בעט ביי אים אַ גרויס געווינס...)
ער איז גרייט צו שטיין אַ נאַכט נאָך און אַ טאָג,
אין שאָטן פון דער שכינה
און דעם צדיקס פליגל,
וויסנדיק אַז ער דער שר פון מלכ׳ס זיגל...
ווער איז דען בכוח משיג זיין,
אימשטאַנד דערגרונטעווען דעם מיין,
דעם תענוג

וואָס עס האָט אַ מענטש אַ חוטא
(ווייַ אונדז! ווער איז עס דען ניט!
ווער קען זיך דען זיין שטעטאַלע אַליין באַשטיין
און זיך באַגיין אָן אַ פּרקליט!...)
בעת ער זיך געפינט אין מקום קדוש
און ער איז בטוח:
מעג דער פינצטערער קטיגור

שיטן פעך און שוועבל,
וועט דער הייליקער סניגור
מאכן אים מיט בלאָטע גלייך,
צעמאָרשן ווי א פרוכליע בנין.
איילט מען זיך ניט.
שטייט מען, איינגעבויגן חוט השדרה,
גלייך עס איז ניט נעילה
נאָר "כל נדרי" —
און מ'ווארט:
וואָס וועט דער גרויסער מליץ־יושר זאָגן...
ווי זיין שטייגער,
וועט ער זיך ניט קלאָגן,
ניט פארגיסן טרערן,
נאָר פ א ר ל א נ ג ע ן;
מאנכמאָל פעסטעט ער זיך ווי א כלה פאר א חתן,
מאנכמאל שרייט ער,
ווי א פועל וועמען ס'האָט דער האר
דעם לוין ניט אויסבאצאָלט...

דער צדיק נענטערט זיך צום „שולחן".
ווערט א שטילקייט אז מ'קען דעם שכנ'ס הארצ־קלאפ הערן.
יישובט זיך א קאפ דער צדיק,
ס'פנים ווערט מיט ליכט באגאָסן,
פון די אויגן, געדיכט באברעמט,
רחמים שטרעמט:
„רבונו של עולם!
— הייבט ער אָן זיין טענה —
איך און אָ־די גאנצע עדה
זענען מודה:
„אנו מלאי עוון"
אלע זענען פול עוונות;

אָבער,
וויפל איז די גרייס פון גאנצן לוי יצחק!?
וויפל איז די גרייס פון יעדן פון דער עדה?
יעדער ווי א ווערעמל א פיצינקאלעס;
און אז מ'א י ז שוין פול מיט זינד —
וו י פ ל ז י נ ד ק ע ן ד אָ ס א י ן מ י ר א ר י י ן?
גאָרנישט.
אָבער —
דאָ צעשרייט דער צדיק זיך אז עס פארציטערן די ווענט —
אתה מלא רחמים!
דו ביסט פול מיט רחמים טאטע,
איז שייך אז מיר זאָלן זיך פארגלייכן ביידע!?
אויבן דו,
אונטן דו,
מערב דו,
מזרח דו,
צפון דו,
דרום דו,
הכל ירוממוך,
השמים ושמי השמים לא יכלכלוך,
אלע הימלען קענען דיך ניט פאסן,
קענען דיך ניט זמיעשטשען —
אז ד ו ביסט פול מיט רחמים,
איז דאָך עפעס ד אָ אין דיר א מאָס מיט רחמים —
מ ו ז ט ו אונדז א שנה טובה געבן!
מיט א פריידיק און צופרידן לעבן,
יעדע שטרויכלונג פון דיין פאָלק פארמיידן!
און א חוצדעם —
כאָטש דו ביסט א טאטע,
און מיר האָבן רעכט ביי דיר אמזיסט פארלאנגען,
טוען מיר עס ניט —

איך מאך מיט דיר א בייט:
איך גיב דיר
חטאים,
עוונות,
פשעים,
און דו גיסט אונדז:
מחילה,
סליחה,
און כפרה.
אָבער עפ״י שכל,
עפ״י סברא,
דארף אזא נשוא־פנימ׳דיקער קונה,
געבן עפעס א הוספה:
וועסטו אונדז נאָך צוגעבן
בני,
חיי,
ומזוני!
איצטער עדה יידן!
אונדזער טאטע ווארט צו הערן,
וואָס די קינדער בעטן:
בעטס מיט מיר!״

און א קול פון טויזנט מיילער
קול פון פרייד און טרערן,
לאָזט זיך מיט דבקות הערן:
„עינינו נשואות אליך,
וואָס איעדער דארף זאָלסט אים באשערן
חתום לחיים טובים כל בני בריתך!!!״.

# דער אפטער
(באלאדע)

.1

עס שימערט נאָך די שבת־הייליקייט אין דער נשמה,
נאָך פעסטעט זיך דער חתן ביי דער כלה אים ניט צו פארלאָזן:
„ינחילנו יום שכולו שבת" — בעטן יידן אין ברכת־המזון —.

דערפילט דער צדיק,
א באריר ווי פון א טויבן־פלי,
באריר וואָס וויקלט איין ווי אין א שטראלן־שלייער
אלע אברים און גידים.
דער באריר איז אים מבשר:
אן אנדערע געליבטע
שטייט שוין אויף דער שוועל פון חדר,
טאקע אָנגעטון אין וואָכנדיקע קליידער,
אָבער פול מיט פייער גלייך ווי די וואָס דארף זיך שיידן;
זי איז אויסגעצירט מיט עפל,
אָנגעלאָדן פול מיט גוטע וויינען,
און אבאלד וועט זי דערשיינען,
זיך באוויַיזן א צעבליטע,
א צעלויכטע,
און אים אריינפאלן אין די אָרעמס.
דער צדיק מאכט הכנות,
מיט „שמות"

„אנא״ס
און כוונות,
וויל ראוי זיין צו איר באַרירן,
צו דעם הויך פון תאווה׳דיקן אָטעם.
— — — — — — — — — — — — —
דערזען זי,
האָט זיך די ערשטע אָן א שאָרך,
בגנבה —
ארויסגעשארט.
איז גרויס דער ווייטיק אירער ;
דאָס וויסן אָבער :
ס׳וועט די אָפּגעזונדערטקייט ניט דויערן,
אבאלד וועט זי א נייע זעעניש דערלעבן —
האָט טרייסט און כוח איר געגעבן,
דעם צער פון אָפּגעשיידטקייט צו דערטראָגן,
און מיט ריינער בתולה־בענקעניש צו ווארטן,
ווי סע ווארט די מאמע פון א קראנקן קינד,
עס זאָל וואָס גיכער אָנהויבן צו טאָגן —
זיך קענען מיט נאָך פלאמענדיקערער דבקות,
אין געליבטנס אָרעמס ווארפן.

2.

דער זייגער האָט געשלאָגן צוועלעף.
מטטרון האָט זיין האר דערלאנגט דעם „שערי ציון״.
די מאמע רחל זאָל זיך מיען
זיך באוויזן אין איר שווארצן שלייער,
דאָס קריגל
(דאָס וויפלטע, זי ווייסט אליין ניט,
איינס נאָר ווייסט זי :
ס׳איז ניטאָ אזויפיל גרעזער אינעם שרון,

ניט אזויפיל טראָפּן אינעם ירדן,
ניט אזויפיל רגע׳ס אין א יובל יאָרן),
דאָס קריגל מיט די טרערן אין דער לינקער,
פארשטעלט די אויגן מיט דער רעכטער,
בעת די ליפּן מורמלען:
„אָ ביז ווען וועסטו פארגעסן, גרויסער, שטארקער וועכטער,
די צעשפּרייטע שעפּאנקעלעך דיינע,
וועלכע דיר צוליב,
צוליב דיין לאנד,
צוליב דיין נאָמען,
ווערן אונטערדריקט,
געפּייניקט?!
אָ ביז ווען?
ביז וו־ע־ן — — — רבונו של עולם!!?״
זי פאלט אנידער פארן כסא הכבוד,
אירע קולות,
קולות פון א קינד־בארויבטער מאמען,
מישן זיך צוזאמען
מיט די קלאָג־געזאנגען
וואָס דער ווינט האָט אויסגעציטערט אויף די בבל־הארפּעס,
פון לווים אף די ווערבעס אויסגעהאנגען.

דערהערט די שכינה יאָמערן און קלאָגן,
צעשפּרייט זי אירע ווייסע פליגל ווי א טויב,
און זינגט מיט „יעלה״־ניגון
פאר די פענצטער:
„שטייט־אויף — צו סלי—חות — — —
וועקט אויף — די קינ—דער אין די ווי—גן — — —״

דערהערט הקדוש־ברוך־הוא דעם ניגון,
ווערט ער גאנץ צערודערט,

און א רחמים־קוש ער שיקט דער שכינה.
ער צעוויקלט גיך די תכלת־פעלערינע.
באַרירט מיט אירע פורפור־טראַלדן רחל׳ס ווייסן שטערן,
און לאָזט זיין פייער־קול
פאר אלע בערג און ימים הערן:
„טאָכטער מיינע,
פארמייד דיין אויג פון טרערן,
עס וועלן דיינע קינדער,
אהיים צוריק זיך קערן...״.

*

דאָס האָט דער אפטער הקדוש,
מיט זיינע אויערן געהערט,
מיט זיינע אויגן ליכטיקע געזען.
ווי א פייל פון בויגן,
ער אין מקווה איז געלאָפן
— — — — — — — —
אויפן וועג די שכינה אָנגעטראָפן.
האָט זי אים פארבעטן
אין איר יחוד־שטיבל מיט אין־סוף׳ן...

3.

אלע הענגל־לייכטער זענען אין בית־מדרש אָנגעצונדן;
אויף און איבער אלע טישן
ברענען לאָמפן;
זקנים האלטן לעכטלעך
און שפאצירן אויף די געלע בלעטער
זוכנדיק אין זיי
דעם שליסל צו די טויערן פון עולם־הבא.

גמרא־ניגון,

שערי־ציון־יאָמער,

תהילים־תחינה,

ספר־מוסר־עצבות —

דאָס דער מזמור־לתודה

דעם וואָס האט צוריקגעגעבן די נשמה בחמלה רבה;

דאָס די הייסע תפלה,

גיך,

וואָס גיכער פונעם בייזן גלות אויסצולייזן...

4.

„דער רבי!"

— איז א ווייל געשטערט געוואָרן די סימפאָניע,

און עס האָבן זיך באוויזן

ווייסע,

גרינע,

רויטע

טיכאלעך,

פאטשיילעס,

אויף די ספרים,

און א עולם, אין די הונדערטער,

ניט רירט זיך ווי ביי „קדושה",

מיט די פנימער געווענדט צו

מזרח,

מערב,

צפון,

דרום,

און פארענפערן אין דער מחשבה די הפסקה:

„עת לעשות — הפרו תורתך...".

איז די רגע, די מינוט, פאריבער,

האָט זיך די סימפּאָניע מיט נאָך מער אימפּעט צעניגונט,
קודם מיט מתיקה,
דאַן אַלץ שטאַרקער־שטאַרקער,
פון אַ קוואַל אַ פּאָטיק,
פון אַ פּאָטיקל אַ ריקע,
פון אַ ריקעלע אַ טייך,
פון טייך אַן אָקעאַן מיט ברויזנדיקע כוואַליעס.

5.

גייט דער צדיק אום פון טיש צו טיש,
און לייכט מען קען דערקענען,
צי די אויגן זיינע וואַרעמען — צי ברענען...
די אין מקוה אָפּגעגלעטע באָרד,
איז ווידער לעבעדיק געוואָרן,
און באַגלייט איעדן בליק דעם רבינס,
אָדער מיט אַ שמייכל,
אָדער מיט אַ דראָאונג.
בלייבט דער רבי שטיין פאַר יעדן איינעם,
האָרכט זיך אונטער,
וואָס
און ווי אַזוי
מען זאָגט,
מען לערנט —
און ערשט נאָכדעם,
נעמט ער זיך צו דער עבודה...

6.

איינמאָל אין אַזאַ כעלות־השחר,
ווען דעם צדיקס הייליקע אויגן

,,אָבן זיך דעם דורשט געשטילט
און אָנגעזויגן מיטן טראַנק פון הייליקע ווערטער,
מיט דברים שאין להם שיעור" —
איז ער שטיין געבליבן ווי פאַרגליווערט
נעבן כיור:
דן, דער שטאָט־בעל־עגלה
האַלט א תהילים׳ל אין די מאָזאָליעדיקע דלאָניעס,
טשוויאָכעט אינעם תהילים ווי אין זיינע קאָניעס,
און דער צדיק הערט זיך צו — — —
— — עס הערט אים אויף דאָס האַרץ צו קלאַפּן...:
נאָך איעדן פּסוק,
גיט א הרימע דער בעל־עגלה:
„אדענאָי! — אדענאָי! — אדענאָי!..."

„רב דן! געוואַלט ר׳ דן!!"
— גיט א יעכץ דער צדיק
אַז דאָס גאַנצע בית־המדרש איז דערציטערט געוואָרן —
„וואָס דערמאַנט איר אַמעזיסט דער שם, ר׳ דן?!
עס איז א חילול!
ווײ און אָך בעוונותינו הרבים!
ד—ן וואָס טוט איר!?
דן! ר׳ דן!!
אַז אָך און ווײ צו מיינע חטאים!
ווײ און אָך! און איצטער, פּונקט פאַר ימים נוראים!!"

דן, דער בעל־עגלה,
א ייד וואָס האַמעוועט מיט זיינע הענט
די ווילדעסטע צוגאָוועצעס —
ציטערט איצטער ווי אַן אָפּגעשמיסן חדר־ייִנגל,
און מיט א גראָבן יאָדערדיקן פינגער
ווייזט דעם רבין

ווי אין תהילימ׳ל אין זיינעם
וואָס ער האָט בירושה פונעם זיידן,
שטייען נאָך איעדן פסוק
צוויי יידן...

ר׳ יהושע העשל
ווארפט א שארפן בליק אין תהילימ׳ל,
צעשפרייט די הענט
ווי גלייך ער מעכט געוואָלט
די גאנצע עדה צו זיין ווייטיקדיקן הארץ צודריקן
און געפינען פאר א יעדערן א תיקון,
און צעשרייט זיך ממעמקים:

„קינדער מיינע!
טייער פאָלק ישראל!
עם סגולה!
הערט!
ווען צוויי יידן זענען איינער נעבן אנדערן,
איז כביכול הקדוש־ברוך־הוא מיט זיי...
זענען אָבער חס־ושלום
צוויי יידן איינער איבערן אנדערן —
איז רחמנא לצלן כביכול ניט צווישן זיי!...
געדענקט!
געדענקט עס קינדער מיינע,
איצטער און אויף תמיד — —
— — — — — — — —

אל מ־לך יו־שב על כ־סא ר־חמים!״
און דער צדיק פאלט, א וויינענדיקער
מיטן קאָפּ צום ארון קודש און צום עמוד...

## דער סטרעליסקער

.1

שטייט דער טשאָרטקעווערביים שולחן
אינעם קיטל און דער יאַרמולקע באַגילדעטע,
יום־קדוש; אין דעם טאָג
וואָס קודשא־ברוך־הוא לייגט דעם מענטשנס מעשים אויף דער וואָג,
שטייט ער ווי א געגאָסענע סטאַטויע,
ענלעך דער סטאַטויע דעם מהר״לס אין פּראָג;
און סע דאַכט זיך:
פּונקט אַזוי האָט אויסגעזען דער כּוהן גדול
ווען ער האָט יום־כּפּור
די עבודה אינעם קדשי־קדשים געטון,
און דער עולם שפּיצט די אויערן,
האַלט דעם אָטעם איין
און זיכער איז:
די ווערטער פונעם צדיק —
שליסל צו די רחמים־טויערן,
אב הרחמים וועט קיין ברירה האָבן:
צדיק גוזר — —
און ער וועט פאַרשניטשען אַלע שוואַרצע ראָבן...
און מ׳וואַרט אויף ווערטער הייליקע,
אויף ווערטער היילנדיקע
אי רפואת־נפש אי רפואת־גוף.

.2

שטייט א ווײלע נאָך דער צדיק ;
ווייסט מען ניט,
צי טענה׳ט מיט דער שכינה ער,
צי באַרעט ער זיך מיטן שטן,
מיט דער פגע
וואָס פאַרשטעלט פאַר תפלות אַלע וועגן
און ניט קען פאַרגינען דעם בן־אדם,
גאָט צו דינען.
אָבער אײַן זאַך ווייסט מען :
פון איעדן וואָרט דעם צדיקס,
ווערט באַשאַפן א פּרקליט ;
און ווער ווי ער פאַרשטייט איעדערנס באַגער !
און נאָך מ׳ווייסט,
אַז אומגעהייער גרויס און הייליק איז די רגע,
און סע קומט דער פסוק אויף די זינען :
„וד׳ בהיכל קדשו, הס מפניו כל הארץ״...

— — — — — — — — — — — — —

מאַכט דער צדיק אויף די אויגן,
וכל העם רואים
דאָס גאַנצע בית־המדרש זעט באַשיימפּערלעך
ווי ס׳שטראָמט פון זיי א ליכט,
וואָס אי סע וואַרעמט,
אי סע טרייסט,
און וואָס דער עיקר :
עס פלאַנצט אײַן הארץ בטחון —
עס איז ז י כ ע ר דער נצחון !
דעם קטיגור׳ס רייד ער וועט אויף שטויב צערייבן,
און מיכאל וועט פאַר יעדן יידן א גוט קוויטל שרייבן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

**3.**

**אַט — —**

**אַט הויבט ער אָן צו ריידן,**

**שטיל,**

**געלאסן.**

**און די מענטשן פילן:**

**איצטער איז די „צייט פון ווילן",**

**איצטער האָבן זיך געעפנט אין גן־עדן**

**אלע טויערן,**

**און די צדיקים אויפגעעפנט האַרץ און אויערן**

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דער צדיק רעדט

— — — — — —

לעהיי א ווינטל גלעט:

„אהבת ישראל!

אשרי האיש וואָס האָט דערגרייכט צו דער מדרגה — —

אדם יסודו מעפר — —

נעבעכדיקע בשר־ודמ׳ס — —

מ׳שטיינס געזאָגט — — —

— — — — — — — — —"

ר׳ דוד־משה הייבט צום הימל אויף די אויגן.

„אלע אונדזערע מעשים ווערן היינט געמאָסטן און געוויגן.

זאָל אונדז ביישטיין דער זכות פון סטרעליסקער הקדוש,

וועלכער האָט דערגרייכט

אַ־די מדרגה.

אזוי שלמות׳דיק און שפע׳ש,

ממש ביז מסירות־נפש".

און דער טשאָרטקעווער זצ״ל הויבט אָן דערציילן:

„אמאָל,

בליל יום־כפור,

האָט געזען דער צדיק:

דער משרת אויפגעכאפט זיך פונעם שלאָף

און צו דעם כיור צוגעלאָפן.

אָנגעטרונקען,

און צוריק געלייגט זיך שלאָפן.

און דער צדיק האָט אפילו מיט קיין ווינק אים ניט דערמאנט:

יום כפור היינט!

ווייל טאָמער,

ווען ער וועט ניט טרינקען,

קען ער קומען צו א סכנה.

נאָך א וויל,

האָט ווידער דער משרת אויפגעכאפט זיך ווי דערשראָקן,

ווידער אויסגעלערט א פולע קוואָרט —

אויך דאָסמאָל האָט דער צדיק ניט געזאָגט קיין וואָרט;

נאָך אלץ געפאָרכטן,

טאָמער וועט דער דורשט אים חס־ושלום שאטן.

ערשט ווען האָט דאָס דריטע מאָל זיך אויפגעכאפט

און ווי א וויכער

צוגעלאָפן, וואסער אָנגעצאפט —

פארשטאנען ער,

געוועזן זיכער:

איצטער קיין סכנה מער —

האָט ער פּאוואָליטשקע און שטיליטשקע געזאָגט:

„עס איז דאָך היינט יום־כפור״

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אָט אזוי געוואלטיק האָט געברענט אהבת־ישראל

אינעם הארץ פון גרויסן צדיק,

אז ניט־קוקנדיק אויף דער קדושה פון יום־כפור,
איז ער ניט אימשטאנד געווען
א יידן גורם־צער זיין אין א ספק־סכנה.
דאָס איז פון באשעפער א מתנה — — — .
ס׳ווערט דאָס הארץ צעטאָפּעט מחמת קנאה:
אין א טאָג ווען יעדער ייד איז זיך מתענה,
אין דעם פאַרכטערלעכן טאָג יום־כפור
ווען א פיש אין וואסער ציטערט —
לאָזט דער הייליקער א יידן טרינקען,
טאָמער קען חלילה אים פארשאטן.
מוז דער זכות פון שרף
אויף אונז אלע מגין זיין,
און פונקט אזוי ווי ער רחמנות האָט געהאט אויף זיין משרת,
אזוי מוז אויך דער אב הרחמים
וועמעס דינער — כי עבדי הם — מיר זענען —
אונדז באשירמען פון אלע צרות,
מוחל זיין אונדז אלעמען די זינד,
און ווי א גוטער טאטע
זיך איבערבעטן מיט זיין איינציק קינד״.

## דער רבי ר׳ הערש

.1

זיצט אַן עדה אָנגעטון אין ראזעוווּלקעס,
קאָלפּיקעס
און ספּאָדיקעס;
דער טיש געדעקט מיט בולקעס,
ווײַן, מעדנים —
און מ׳פּילפּולט,
און מע פּשט׳לט
און דערהויבט זיך ביז מרכבה...
אײנער איז א סיני,
צווײטער עוקר־הרים,
דאָ ניטאָ קײן גרויס און קלײן,
קײן רײַך און אָרים —
דאָ איז בלויז דאָס פײַער פון דער תורה,
און די התלהבות פאַרן בורא.
און סע דאכט זיך:
ניט קײן גוזמא יענער סופער־זאָג אויף בן־עוזיאל:
„פײגל אין דער לופט פאַרברענט געוואָרן
ווען ער האָט געלערנט״.

אלע פּנימ׳ער אין פלאמען:
ל״ב פּירושים,
פּשט׳עלעך

אויף אכ׳ן,
רק׳ן
את׳ן,
גמ׳ען ;
ווען דו זעסט־אָ דאָס מחלוקת,
די הוויות,
ווי אין די צייטן רבא׳ס און אביי׳ס —
בלייבסטו חושים
זעענדיק ווי ס׳גייט זיי ממש אינעם לעבן
צוצוטרעפן מיט א חוט־השערה,
וואָס דער פסוק,
וואָס דער חכם
האָט געמיינט,
פארוואָס אזוי געשריבן, אנדערשדיק געליינט.
די ראיות פון יעדן זענען מעסער־שארפע,
אָבער זייער ניגון,
זייער קלאנג —
א הימען פון א הארפע...
און ווען ביסט שוין זיכער :
ד י מסקנא,
ד י כוונה,
איז למשה מסיני,
קומט א צווייטער,
און צעוויקלט זיינע ראיות,
טיפער,
ברייטער, —
און איז סותר,
און צעשמעטערט
אלץ וואָס יענער האָט אזוי חריפות׳דיק באוויזן :
נ אָ ר אזוי און ר ק אזוי.

און עס טוט דיר ווײ,
וואָס ריזן,
פּעאיק צו געוואַלטיק־גרויסער,
צעדערדיקער,
תוכ׳יקער
יצירה, —
שפּילן זיך אין קנעפּעלעך און גרעזעלעך...
און ווען דו הערסט זיך צו, צום ענטפערן,
צום פרעגן —
הערסטו ווי די גאַנצע פּלוגתא,
די אַזוי חריפות׳דיקע,
איז ניט מער ווי וועגן — —
איבערן דאך א קו געפלויגן...

ביסטו זײ מקנא אָט די מענטשן,
וואָס א תא־שמע,
איבעיא,
צי א כלומר,
איז בכוח אויסצוטון זײ גאַנץ פון חומר.

.2
נאָר איינער,
צווישן אלע דאָ אליין ער,
ניט ער פּלפּולט,
ניט ער פּשט׳לט.
און — ניט אויסגעשלאָסן —
ניט פאַרשטייט אפילו די מלחמה,
צווישן שור־הבר — לויתן...
ער פאַרשטייט:
חקל קדישין איז א פעלד פון הייליקייט,

דער ים איז טיף,
דער הימל בלוי,
נאָר ו ו אָ ס,
אוּן ו ו ע ן,
אוּן ווי א ז ו י —
איז ער ניט משיג
אוּן ער האָט פאר דעם ניט קיין געפיל.
זיצט ער — —
ניט ער רירט אן אבר — —
אוּן די אויגן, — —
ווער קען וויסן ווו די אויגן קוקן,
אז די לעדלעך מיט די לאנגע שווארצע וויעס
זיי פארדעקן ?
קוקן זיי ארויף
צי קוקן זיי אין זיך ?
אין זיין נשמה ?
ווער קען וויסן ווו פארמאכטע אויגן קוקן ?
אוּן וואָס טראכט ער ?
טראכט ער : אדם להבל דמה,
ס׳גאנצע לעבן ווי פון האָר א פאָדעם ?
אָדער :
צלם אלוקים — האדם ?
אוּן,
צי וויינט ער,
לאכט ער ?...

.3

אויף א רגע האָט דער שטורעם זיך געשטילט ;
די עדה,
ווי מיט מתן־תורה שטילקייט איינגעהילט.

„איצטער
— זאָגט דער עלטסטער פון דער חבורה —
וועט ר׳ הערש אונדז עפּעס זאָגן״.

בניחותא געטון א פרעג ער:
„הא?״
— די עדה פון צדיקים גארט,
אז איר זאָלט עפּעס זאָגן;
באלד וועט אָנהויבן צו טאָגן,
די מלאכים אין גן־עדן
וועלן זאָגן שירה —
מוזן מיר זיך איילן.
אָבער,
איידער מיר זיך שיידן,
איידער מאמעס זויג־קינדער דערנערן,
פאר כאור —
אלע מיר באגערן,
אז אין אונדזער קאָר,
זאָל אויכעט אייער שטים זיך הערן״.

און אויך דאָס מאָל ענפערט „הערש משרת״
מיט געלאסן, שטילן טאָן,
ווי גלייך ער קער זיך גאָר ניט אָן
מיט אָט דער היציקייט,
דעם ברען:
„איר ווייסט דאָך אז איך בין א שניידער,
און דאָס ניט קיין פרימא — א לאטוטניק;
ארבעט טעג און נעכט איך —
גייעס כ׳מאך ניט קאליע,
אלטס פארעכט איך — — —״.

# דער ריזשינער

(באלאדע)

.1

דער אפטער דאוונט היינט מיט ברען,
ווי ס'האָט אים קיינער קיינמאָל ניט אזוי געזען.
עס פליען פונקען פון די אויגן אים
דאָס פנים איז באלויכטן מיטן זיו השכינה,
און די באָרד, ווי קנאָבל ווייסע,
פלאטערט ווי די טשופּרינע
פון חלוץ אָף דעק פון שיף,
וואָס הוידעט זיך אָף ווילד־צעברויזטן ים.
צו קליין איז דאָס בית־מדרש,
צו פאר'עקשנ'ט זיינע ווענט...
— — דער באלטן איז שוין אויפגעהויבן,
ס'פליט דער דאך אין שטיקער ווי ביי בראנד,
עס כוואליען פייער־צונגען אין דער לופט,
עס גליט דער חלל פונעם בית־המדרש,
די חסידים שטייען אין די ווינקעלעך
און ווערן קליינטשיק ווי משיח־פערדלעך.
זיי פילן איצט דעם סוד פון כלות־הנפש — — —
און דער צדיק —
ס'פנים זיינס ווי א צעבליטע רויז,
אָט פליסן זיינע ווערטער ווי א קינדס וואָס פעסטעט זיך אין מאמעס שויס
און אָט —

ווי שטורעמדיקער ברויז פון ים ציעוזשעטן.
און פלוצים א געשריי:
„איך בין שוין גרייט!
איך קען שוין פאָרן! איר??"

זיי שוייגן.
די אויגן בלויז
צעעפנט ווי ביי הערשן אף געיעג.
מיט דבקות'דיקער שטוינונג פרעגן די חסידים:
„ווו אהין?"
— — — — — — — — — — — — — — — — —
דער צדיק כאפט די ראזעוולקע
רייך מיט ווייסע קווייטן אויסגעבלומט,
מיט אש־להבה טוט א לויף אין שטאל,
די חסידים נאָך;
בלייבט שטיין,
פארגלייזט די אויגן,
רעדט:
„איך הער אין מיר א קול וואָס כ'האָב נאך קיינמאָל ניט געהערט;
אין הארצן רוישט א קוואל
וואָס קען פארפלייצן גאָרע ערד...
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
עס וועט מיר אפשר זיין באשערט
פארשטיין דעם סוד
פון גבורה שבהוד...
וואָס האָב א לעבנלאנג באגערט
דערגרונטעווען (מסתם האָב ניט געהאט די ווערט);
אצינדערט!! שפאנט די פערד!!!""

צעפלאטערט גאָדל די קאפאָטע,
און מיט ברען א שפרונג צו דער קאָלעס;

די חסידים גאָך.
דער רבי שפאנט אליין די פערד,
און דוד־מלך דער פּאָסעסער כאפּט מיט ביידע הענט די בייטש
— — — — — — — — — — — — — — — — —

עס ווערט א רייסעריי,
איעדער שפרינגט צו כאפּן עפּעס אין דער האנט,
א שפּיץ כאָטש פון א לייץ.
און גאָדלס בייטש ?
עס איז שוין שטיקעלעך פון איר געוואָרן ;
בייזערט ער זיך : „רויבער ! היתכן ? סטייטש ?"
דער צדיק לאכט און הייבט די הענט צום הימל :
„טאטע טו א קוק !
באצאָל דער טויב
פאר אָט דעם רויב !"...
צעלאכן זיך די פייגל
און די סאסנעס.
און די פערד —
ווי יענעם נביא'ס וואָס אין הימל איז געפלויגן.
„וויאָ ! !"
— צעלאָזט זיך גאָדל אויף א קול —
„איך וועל אייך מאכן ברוין־און בלאָ !
איר מיינט איך שפּאס ! ?"
און שיסט ארויס מיט א געלעכטער ווי א באס.
„ווי־־־יאָ־אָ־אָ ! !".

.2

סאדיגיערע.
מען קען קוים צווישן בלוי און ווייס דערקענען.
גייען בינטלעך יידן איילנדיק
די פאות אויסגעקוועטשטע.

זעען קומען געסט —
שטיין געבליבן
און פון אלע בינטלעך איינס צונויפגעקליבן.
דערקענט — געהויבענע — —
נאָר ווער? פון וואנען?
„צום רבין הויכע געסט!!״ — צעפליט זיך א ידיעה —
ווערט דער הויף שוין פול ווי צו ר״ח אלול,
און געשטופעריי ווי ביי שיריים
(יעדער האָבן וויל די זכיה,
שטילן דורשט ביים קוואל פון מים חיים...)
— — — — — — — — — — — — — — — — —

3.

שטייט דער אפטער ביי דער שוועל
און קוקט מיט ברייט צעפראלטע אויגן...
זעט וואָס קיינער זעט ניט,
הערט
וואָס קיינער ניט געהאט די ווערט.

די חסידים ווערן שיער פאר'שרפה'ט
צווישן גליענדיקע פייערס.
וועלן זיי די תשוקה גובר זיין?
וועלן זיי אימשטאנד זיין צו באזיגן דעם נשמה־רוף:
„אביסל גשמיות!! אביסל גוף!!״?
ראנגלען זיי זיך מיטן הייליק שבהייליקסטן
— — — — — — — — — — — — — — — — —.
פלוצים רירט דער אפטער זיך פון אָרט — —
שפרייזט פאוואָלינקע — —
זיך וויגן קוים די ווייסע האָר אין לאנגער באָרד — —
ניט שטערן חס־ושלום — — —

ווער ווי ער מסוגל איז צו זען,
באנעמען,
אין דעם שטילן ברויז,
וואָס כאפּט ארום די גאנצע קלויז,
אין דעם באוועגן פון די שווארצע ברעמען —
וואָס ר׳ סרולטשע איז אצינד מתקן — —
ס׳פּנים זיינט איז איינגעהילט אין ליכט
ווי זיין תפארת׳דיק געשטאלט אין טלית;
ארום איז שטיל — קיין שאָרך — —
עס קען חלילה גורם זיין א פּגם...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

4.

זייענדיק פארטיפט אין דער עבודה,
האָט דער צדיק ניט געפילט,
ווי ס׳האָט דער גארטל זיך אראָפּגעגליטשט.
ר׳ יהושע־העשל...
האָט אים אויפגעהויבן, — —
דעם צדיק שטיל ארומגעוויקלט
ווי א קינד א צארטס — —
און שטילטשיק...
צו דער שוועל זיך צוגעשארט.

זיינע חסידים,
האָבן מיט אמאָל זיך אויפגעוועקט
און שטוינענדיק געפרעגט:
„היתכן?!
טאקע וואָר,
א גדול־הדור —
אָבער נאָך א יונגערמאנטשיק!

וואָס אזוינס אין אים געזען ער ?!
און אחוצדעם :
איז דען אונדזער רבי קלענער ?
ביז דעם פונקט אזא פארנעם
ווי ער, דער ריזשינער ?!"

האָט דער אפטער דאָס באמערקט,
געפאַרכטן, ס'קען חלילה קומען צון א חילול־שם —
האָט ער דעם קאָפּ צו די חסידים אויסגעדרייט
און שעפּטשענדיק געזאָגט.
„פארשטייט — —
איך האָב געטון א הייליקע עבודה :
גולל געווען א ספר תורה...
ישראל ואורייתא חד הוא...
אין דעם זענט איר דאָך אויכעט מודה..."

# ר׳ מאירל פרעמישלאנער

— נו נעם אין מויל אריין שוין עפּעס,
באַלד איז מנחה־צייט,
דו ווּעסט דאָך פון די פיס חלילה פאַלן —
בעט זיך בא ר׳ מאירלען די רביצן.

שמייכלט מאירל ווי תמיד,
עפנט אויף א חומש אויפן עמוד,
דאַרשנט אויס א פסוק אויף רוטעניש
און באַרוייקט זי:
„ביש קשה,
מיין ביש מאיר וועט חלילה חלשן:
„לב שמחה ייטיב גהה"
מיט א פריילעך האַרץ,
קען מען פאַרטראָגן
אויך א לערן מאָגן".

ר׳ מאירל האָט געדאַוונט מנחה־מעריב
און נאָך אַלץ ניט צו קיין עסן זיך ניט צוגערירט.
עפעס האָט זיך היינט ניט צוגעפירט
אַז עמיץ זאָל ביי אים א טובה בעטן.
מילא,
וועט דער פרעמישלאַנער מוחל זיין דאָס עסן,
„ר׳ צדוק האָט געהאַלטן תענית פערציק אַזש מעת־לעתן:

אָבער שלאָפן ?
ווי אזוי קען דאָס א מענטש זיך לייגן שלאָפן אין א בעט
בעת ר׳איז אָנגעלאָדן מיט דעם חטא :
ניט־האָבנדיק געטון קיין טובה קיינעם ?
וויזוי קען מען דאָס?!״

איז נעמט ר׳ מאירל זיין שטעקן,
א פשוט איינגעקרומטן שטעקן,
און מיט שטילע טריט
חלילה עמיצן ניט אויפצוועקן —
גייט אין גאס.

„מאיר איז דאָך נישט אברהם ;
אברהמ׳ען האָט גאָט די מצוה צו זיין שוועל באשערט ;
אז מאיר איז ניט ווערט,
מוז ער זי זוכן״.

און ער קוקט און זוכט אין אלע ווינקעלעך,
אין אלע עקן,
שיער־שיער הייבט ער אָנעט זיך צו שרעקן :
טאָמער חס־ושלום הויערט שווער אויף זיין נשמה אן עבירה
און זי איז מקטרג,
ניט באשערן אים די גרויסע מצוה פון גמילות־חסד — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

און דער שטן האָט זיך שוין די שווארצע הענט געריבן :
אָט איז אים געלונגען — —
אָט האָט ער פון מאירלען די שמחה באלד פארטריבן...
דערזעט דער צדיק פלוצים אין א ווינקל פונעם מארק,
א פויער מיט א וואָגן ברעטער.
שפאנט ער ביז צו אשר׳ן דעם סטאָליער פון דער „רויטער בריק״

און פרייט זיך ווי א קינד, ווען האָט דערבליקט אז דאָרטן איז באַך ליכטיק.

— ר׳ אשר! א מציאה!

אין מארק א וואָגן ברעטער

אין א שעה אזא א שפעטער,

איר וועט זיין א יחיד...

גיכער! שטייט ניט!״

האָט דער סטאָליער זיך צעזדראָכעט,

אויסגעגלייכט די געלע באָרד

ארויס צום רבין,

אים „גוט נאָוונט״ געבן.

דער רבי חזרט איבער נאָכאמאָל די ווערטער.

הערט ער

און ער ענפערט:

— רבי,

יישר־כח פאר דער טרחא

אָבער — — קויפן — — דארף מען האָבן געלד,

און מאָרגן דאָנערשטיק,

אויף צרכי שבת״.

לויפט אהיים דער צדיק הענדום־פענדום,

קראצט ארויס די לעצטע פרוטות,

לייגט זיי אין א בלוילעכע פאטשיילע,

און אויך די נאכט וועט ניט לאָזן איבערנעכטיקן דער צדיק קיין „נבלה״...

## ר׳ אורי׳לע סאמבארער

.1

זיצט ר׳ אורי׳לע פאר׳צער׳ט
אויף א בענקל מיט א קלעצל אונטערגעשפארט
און,
פארטיפט,
ארייננקוקט אין א מוסר־ספר,
ווערט אים ס׳הארץ פארשלאפט,
פאר׳יאוש׳ט:
„דער מענטש איז עפר ואפר — —
אוי וויי!״
— גיט ער א פארצווייפלטן געשריי —
„גורניש נאָך,
נאָך גורניש ניש געטין!
טאטע! טאטע זיסער! טאטעניו!
מיט ווס וועלעך מעך פאר דיר וואזן,
ווען ס׳וועט קימען יענע שעה — —
גורניש, גורניש ניש — —
אפילו מיט קאן פינגער ניש געטון קאן ריר...״

לייגט ער ווייטער אינעם ספרל:
„וויזוי מ׳בעט זעך — וויי איז מיר —
וויזוי מ׳בעט זעך אזוי שלופט מען
וויי איז מיר — —

צי דאנע חסדים גרויסער גאָט
איז גור קאַן שיעור..."
כאפּט ער אָן מיט זיינע ווייסע
הויט־און־ביינערדיקע הענט
דעם וואַקלענדיקן טיש
און קוויטשעט און וויינט
ווייל קיינמאָל ניט פאַרשלאָסן איז די טרערן־טיר —
„וויזוי מ'בעט זעך,
ווי אזוי מ'בעט זעך — — ווײ איז מיר — —".

.2

קומט אריין אברם דער פּריץ,
ניט קיין גרויסער לערנער, ניט קיין קליינער עם־הארץ,
גיט דעם רבין שלום;
שמייכלט מיט די גרינע אויגן
איינס פון וועלכע האָט ווי א סימן,
אויסגעצופּטע האלבע וויע,
און פּאַוואָליטשקע,
צעצויגן,
איז מודיע:
„היינט מיין טאטנס יאָרצייט, רבי".

און א אלף'ער
פּאַרטרייבט די עצבות
אי פון צדיקס פּנים, אי פון צדיקס שטוב.

לויפט דער גבאי צו דער רביצן און זאָגט די בשורה איר,
די רביצן לויפט גיך צום יוּוועליר:
„נאָך היינט — גיט זי א זאָג מיט פרייד —
וועל אויסלייזן דאָס שטערנטיכל

און די לייכטער
און די בראָש״.

דערנאָך צום קרעמער גייט:
„די חובות אלע וועל איך היינט באצאָלן;
זעט איר, איר האָט אייך אמזיסט געפּאָרכטן״.

און די רביצן הויבט אָן זיך אויסצומאָלן
וואָס זי וועט אַלץ מיט דעם טויזנטער באזאָרגען.
נעמט דערווייל אויף באָרג די צרכי שבת,
ברייט,
באלבאטיש,
ווי סע פּאסט זיך פאר א רביצן;
נעמט מיט דעם גבאי׳ס
ווייב אז זי זאָל זאָגן
וואָס איז נויטיק,
און די „מויד״ אז זי זאָל טראָגן.
אויפן וועג
פאלט איין דער רביצן:
פון דעם פארמעג
אביסל האָלץ צו קויפן,
רבינס שטיבל אָנצוווארעמען;
א סאמאָוואר,
דער מאן, דער גאון,
זאָל ניט דארפןווארטן גאנצע שעה׳ן
אויפן ביסל ווארעמס;
און דער קראנקער שאמעסטע
— דער אייבערשטער זאָל מציל זיין —
א פלעשל כרמל־וויין.

.3

„רבי !“ — מאכט א קרומע מינע
משה־אהרן וועלכער ציט חיונה
פון פארקויפן מאַסט און הייסע פלעצלעך
די בחורים פון דער קלויז —
„איך האָב א טאָכטער חתונה צו מאכן
שוין א מיידל אין די יאָרן,
די הוצאות זענען גרויס,
עס קאָסט מיך שוין ביז איצט א מטמון גאָלד,
וואָלט איך געוואָלט
פארמיידן,
אז דאס מיידל זאָל קיין בושותליידן“.

.4

ווען די רביצן געוויר געוואָרן
וואָס דער רבי האָט איר אָפּגעטון —
האָט זי געוויינט ווי א פארבלאָנדזשעט קינד :
„שוין ווידער וועט מיין שבת זיין פארשטערט,
אז אָך און ווי צו מיינע זינד,
שוין ווידער וועט ער פרירן
און — אל תפתח פה לשטן —
נאָך חלילה זיך פארקילן“.

.5

לויפט דער גבאי, פייל פון בויגן,
מיט דער בעקעשע צעפלויגן
און דאָס איינע אויג צעשפארט —
הענדום־פענדום צום גביר :
„ר׳ אברם ! — שרייט ער קלאפנדיק אין טיר —

עס איז אַן אומגליק מיטן רבין!
וויפל מען אים גיט
איז ניט גענוג!
פון פדיון איז קיין פּרוטה, מער נישטאָ!
דעם גאַנצן אלפ׳ער אוועקגעגעבן!
עפּעס טוט ער ווי להכעיס!
ס׳אַרט אים גאָרניט
וואָס אין שטוב ניטאָ
קיין מזון — סעודה־אחת!״

אברם וואָס אָנדעם איז זיין פּנים ווי א רויטער צוויק,
און איצט, פאַר צאָרן,
רויטער נאָך געוואָרן —
איז פון בענקל אויפגעשפּרונגען,
מיט קוראַזש זיך אָנגעגאַרט,
זיך אויסגעקעמט די ברייטע געלע באָרד,
א כאַפּ געטון דאָס פּיטער פון דער וואַנט,
אליין דעם שליטן איינגעשפּאַנט,
געיאָגט די פערד,
אַז אונטער זיי געברענט עס האָט די ערד.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

6.

„רבי! — פּראַלט ער אויף די טיר פון רבינס שטיבל —
האָט מיר קיין פאַראיבל,
איר זענט ניט געווען קיין לאַט
און וועט ניט זיין קיין לאַט!״

און ס׳פּאַלט א פרישער אלף אויפן טישל —
„נאַט!״

„זיצט ר׳ אברם — זאָגט דער רבי רוויק —
איר זענט ברוגז.
אָט אזוי איז שוין די טבע פונעם מענטשן
שטענדיק ניט צופרידן:
משה־אהרן ניש צופרידן
ווייל ניט האָט מיט וואָס די טאָכטער חתונה צו מאכן,
און די רביצן —
ווייל זי ניט האָט מיט וואָס די משכונס אויסצולייזן,
ניט מיט וואָס קיין שטיקל האָלץ צו קויפן;
די גבאים — האָבן ניש אויף שפּעזן;
און אזוי איעדער אויף זיין שטייגער,
אויף זיין אופן;
איר — וואָס עך בין נישט קאַן לאַט;
און עך בין אויכעט ניש צופרידן —
וואָס עכאָב ניש מ ע ר געהאט...”

# דער בעש״ט

ר׳ ישראל בעל־שם איז דער באגרינדער פון דער חסידישער באוועגונג. די בצייכענונג: „בעל־שם״ שטאמט דערפון וואָס צו זיינע מופתים ביי רפואת הנפש ורפואת הגוף, האָט ער זיך באדינט מיט הייליקע שמות. און ווייל דער צוועק פון דידאָזיקע מופתים איז ניט געווען דער פערזענלעכער נוצן נאָר דאָס ווילזיין פון די באדערפ־טיקע, האָט דאָס פאָלק אים צוגעשטעלט דאָס וואָרט: טוב.

דער בעש״ט איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1700 י״ח אלול, אינעם דאָרף אָקופּ אויף דער גרעניץ צווישן פּאָדאָליע־וואלאכאי (דאָס דאָרף איז געווען אויף דער זייט פון פּאָדאָליע וואָס האָט דעמלט געהערט צו פוילן) און נסתלק געוואָרן 1760 ז׳ סיון אין מיעדזשבאָש, א שטעטל אין פּאָדאָליע ווו ער האָט זיך באזעצט 1740.

זיינע עלטערן זענען געווען אָרימע מענטשן.

אלס קינד האָט ער שטארק ליב געהאט די נאטור. ער פלעגט מער פארברענגען אין וואלד און פעלד ווי אין חדר. צו 12 יאָר האָט ער זיך פארדינגען פאר א בעלפער ביי א מלמד.

ווען ער פלעגט פירן די קינדער אין חדר אריין, האָט ער זיי געפירט זינגענדיק.

זיינע שפּעטערע באשעפטיגונגען: שאמעס, שוחט, מלמד, חזן.

צו 20 יאָר האָט ער זיך אריבערגעצויגן קיין בראָד, און חתונה געהאט מיט די שוועסטער פון בראָדער רב, דער גאון ר׳ אברהם גרשון קוטאָווער.

ביז צום עלטער פון 36 יאָר האָט ער געוווינט אין פארשידענע ערטער אין גרויס דחקות. צו 36 האָט ער זיך באזעצט אין טלוסט,

א שטעטל אין מזרח־גאליציע ווו ער האָט אסאך צייט געפּראוועט התבודדות אין די וועלדער ביז ער איז נתגלה געוואָרן ווי א קדוש און א בעל־מופת. און איינמאָל, צוריקקערנדיק זיך פון וואלד, האָט ער פּלוצים דערזען אויפן וועג א מענגע מענטשן וועלכע זענען אים אקייגן געקומען און אים פּראָקלאמירט אלס זייער גייסטיקן פירער. ווי א סימבאָל, האָבן זיי אים טאקע דאָרט, אויפן אָרט, געמאכט א „טראָן" פון צווייגן און בלעטער. די דאָזיקע ערשטע פּארערער זיינע, זענען געווען האָרעפּאשניקעס און גאנץ פּראָסטע, ניט־געלערנטע יידן. עס האָט אָבער ניט לאנג געדויערט און אין דער באוועגונג זענען אריין אויך באריכטע רבנים און למדנים. צווישן זיי, דער מעזריטשער מגיד וועלכער איז געוואָרן דעם בעש"ט יורש, ווייל דער זון דעם בעש"ט, צבי, איז ניט געווען ראוי, לויט דער מיינונג פונעם פאָטער — צו באזעצן דעם פירער־שטול [1]. ווייטער האָבן זיך געציילט צווישן די ערשטע פּערזענלעכקייטן: יעקב־יוסף פון פולנאה (דער ערשטער שרייבער פון דער באוועגונג), ר' פנחס קאָרעצער, ר' מנחם־מענדל פון וויטעבסק און ר' נחום טשערנאָבלער.

דער יסוד פון בעש"ט תורה איז, אז כדי צו זיין נאָענט צו גאָט, מוז מען זיך אָן אים באהעפטן דורך מעשים טובים און דורך פרייד. טרויער, האמעוועט התרוממות הנפש.

ווי אביישפּיל פאר זיין ליבע און צערטלעכקייט צו יעדן יידן, קען דינען דער פאָלגנדיקער פאקט:

אין א שטעטל האָט דער רב געפלעגט שטארק מוסר'ן די בעלי־בתים און זיך דערביי באנוצן מיט זער הארבע שטראָפרייד. ווי דער בעש"ט איז דערפון געוווער געוואָרן, האָט ער אים געשיקט רופן. און ער פרעגט אים:

אין משלי שטייט: „מוסר ד' בני אל תמאס" איז די קשיא: צו וואָס טויג דאָס וואָרט „בני"? עס איז דאָך גענוג געווען צו זאָגן:

1) אויך דער בארדיטשעווער האָט ניט איבערגעלאָזט קיין יורש מיוצאי חלציו. דער רבי ר' הערש ווידער איז געווען דער יורש פון רבין ר' מענדעלע, וועלכנס משרת ער איז געווען; און אזוי אסאך אנדערע.

„מוסר ד׳ אל תמאס״! נאָר דער תירוץ איז: „מוסר ד׳״ דעמלט ווען דו זאָגסט מוסר, בני אל תמאס, דעם בני זאָלסטו ניט אוועקוואַרפן, זאָלסט עס טון געלאסן, מיט ווייכקייט אזוי ווי מ׳רעדט צון א קינד און ניט מיט געשרייען און הארבע שטראָפרייד.

דער אמת׳דיקער חסיד — פלעגט דער בעש״ט זאָגן — דינט גאָט ניט בלויז מיט זיין לערנען נאָר מיט זיין גאנצן לעבנס־שטייגער.

א רמז צו הללס זאָג: „ואהבת לרעך כמוך זוהי כל התורה כולה״ האָט דער בעש״ט געפונען אינעם יסוד פון דער תורה, אין די עשרת הדברות: זיי הייבן זיך אָן מיט „אנכי״ און ענדיקן זיך מיט „לרעך״ דאָס וויל זאָגן: „אנכי לרעך״ — איך דארף אלצדינג טון פארן מיטמענטש — דאָס איז דער יסוד פון יהדות.

וועגן ארץ־ישראל האָט ער געזאָגט: „ארץ־ישראל איז דאָס הארץ פון אלע לענדער און ירושלים איז דאָס הארץ פון דער גאנצער וועלט״. אין דעם זאָג קען מען געפינען כמעט א פאראפראזע צו רבי יהודה הלוי און ביאליק. ריה״ל זאָגט אין „ספר הכוזרי״: „דאָס פאָלק ישראל איז דאָס הארץ פון די פעלקער״; אין פארבינדונג מיט דעם זאָגט ביאליק: „און רבי יהודה איז דאָס הארץ פון זיין פאָלק״.

# ר׳ משה לייב סאסאָווער

איינער פון די גאָר־גאָר געהויבענע צדיקים. אפילו די גרעסטע מקטרגים אויף רבים, קומענדיק צום סאסאָווער — נסתתמו טענותיהם. ער איז געווען די אבסאָלוטע פארקערפערונג פון תכלית השלמות. זיין זאָרג פאר אָרעמע לייט, קראנקע און אנדערע נויטבאדערפטיקע, איז געווען אין לשער. און ער איז ניט געווען א מַעֲשֶׂה, נאָר אן עושה. גאנץ אויסערגעוויינטלעך אָבער איז געווען זיין ליבע צו קינדער, ממש עד מסירות־נפש.

זיין עניוות ווידער איז געווען שוין איבער דער מאָס; יעדער מענטש, אפילו דער גרעסטער עם־הארץ, איז געווען ביי אים גרעסער פון זיך. און די ווערטער וועלכע ער האָט תמיד געשטעלט פאר דער חתימה: „אני השפל והנבזה״ — זענען געווען דברים היוצאים מן הלב.

אין זיין ספר: „ליקוטי רמ״ל״ וועלכן די חסידים האָבן נאָך זיין פטירה ארויסגעגעבן — שטעלט ער ווי די העכסטע אויפגאבע פונעם מענטשן; ווי די זיילן אויף וועלכע עס באזירט זיך דער קיום פון דער וועלט — מאָראלישע פערפעקטהייט און אומבאגרענעצטע גוטקייט. און דידאָזיקע גוטסקייט זיינע, האָט ער אָנגעווענדט ניט בלויז לגבי יידן, נאָר אויך כלפי גויים. אזוי האָט אמאָל פאסירט, אז א יונגע קריסטלעכע פרוי איז געקומען צו אים און זיך באקלאָגט אז איר קינד איז קראנק און קען ניט זויגן, דורכדעם ברענט זי די מילעך אין דער ברוסט און זי האָט שרעקלעכע שמערצן. א פרוי וואָס איז צופעליק דאביי געשטאנען, האָט געזאָגט, אז ביי איר איז אויך אמאָל דער זעלבער פאל געווען. האָט מען איר געזאָגט, זי זאָל נעמען א זויג־הינטל ער זאָל איר אויסזויגן די ברוסט. זי האָט דאָס געטון און עס איז איר תיכף בעסער געוואָרן.

ווי ר׳ משה־לייב האָט דאָס געהערט, איז ער זאָפאָרט אריינגעפאָרן צו זיינעם א חסיד, א גוטסבאזיצער אין א שכנישן דאָרף, און פון דאָרט געבראכט א הינטל און עס אָפּגעטראָגן דער פרוי.

*

ער איז נפטר געוואָרן 1807 (תקס״ז).

---

סאסאָוו איז א שטעטל נעבן בראָד.

# דער בארדיטשעווער

ר׳ לוי יצחק איז געב. געוואָרן 1740 אין כוזאקאָוו (גאליציע) און נסתלק געוואָרן 1809 (כ״ה תשרי) אין בארדיטשעוו. געוועזן דעם מעזריטשערס תלמיד און דער אײדעם פונעם בעל ה„תניא״. א גרויסער למדן, א דאנק וועלכן ער איז נאָך אלס יינגערמאן אויפגענומען געוואָרן פאר א רב, קודם אין ריטשיוויל (פוילן) און דערנאָך — אין 1771 — אין פינסק. אין בארדיטשעוו (וואָלין) האָט ער זיך באזעצט אין יאָר 1785.

דער יסוד פון זיין „תורה״ איז די פונעם בעש״ט און פונעם מגיד: ליב האָבן גאָט און דאָס פאָלק ישראל. זיין א שמח בחלקו און פארטרייבן די עצבות; טון גוטס אלע מענטשן אָן אויסנאם.

זיין פאמיליע־נאָמען: „דערבארעמדיקער״ קומט דערפון וואָס ער איז געוועזן געווינט צו שרייען: „דערבארעמדיקער טאטע״.

אסאך חסידישע ניגונים ווי אויך פאָלקס־לידער שטאמען פון אים („דער קדיש״ „א דודעלע״ א.א.). ס׳איז דאָ א יש אומרים אז ער איז אויך דער מחבר פון דער באקאנטער, ווייבערישער שבת־צו־נאכטס־תפלה: „גאָט פון אברהם״.

---

# דער אפטער

ר׳ יהושע העשל וועלכער איז באקאנט אונטערן נאָמען : „דער אפטער הקדוש״ (אפטע איז א שטעטל אויף דער רוסיש־גאליצישער גרעניץ — Opatow) איז דער מחבר פונעם ספר „אוהב ישראל״ געדרוקט דאָס ערשטע מאָל אין זשיטאָמיר אין תרכ״א (1861).

זיין שלשלת היוחסין ציט זיך ביז צום בעל־שם־טוב. געווען דער תלמיד פון ר׳ אלימלך ליזשענסקער.

צווישן די ערטער וווּ ער איז געווען רב איז אויך יאס אין רומעניע.

געבוירן 1745 און נסתלק געוואָרן, אין מעדזשבוש, ה׳ ניסן 1825.

דער טיטל פונעם ספר („אוהב ישראל״) איז אויך אויסגעקריצט אויף זיין מצבה.

---

# דער סטרעליסקער

ר׳ אורי פון סטרעליסק, א שטעטל אין מזרח גאליציע, ווערט אָנגערופען: „דער שרף״ מחמת זיין אויסערגעוויינטליכער התלהבות בשעתן דאווענען. ווען ער פלעגט גיין דאווענען אינדערפרי, האָט ער זיך געזעגנט מיטן בני־בית, מורא האָבנדיק אז מחמת גרויס דבקות ביים דאווענען, זאָל די נשמה זיך ניט אָפּשיידן פונעם גוף.

זיין „תורה״ איז געזאמלט אין ספר „אמרי קדש״.

ער איז געווען דער תלמיד פון ר׳ שלמה קארלינער און איינער פון זיינע תלמידים איז געווען דער בעלדזער רבי ר׳ שלום רוקח.

דאָס אייגנארטיקע ביי דעם צדיק איז, וואָס ער איז געווען א גרויסער געגנער פון „מופתים״.

ער איז נסתלק געוואָרן 1826.

# דער רבי ר׳ הערש

ער איז געווען משרת ביים רבין ר׳ מענדעלע וועלעכער האָט אים באשטימט צו זיין זיין יורש. געב. 1878 אינעם שטעטל דאָמבראָווא נעבן טאָרנע (Tarnow) ביי זיין פאָטער יהודה לייב כ״ץ א פשוטער און אָרעמער ייד. פאריותמט געוואָרן אלס קינד, (אין עלטער פון 10 יאָר) האָבן זיינע קרובים אים געגעבן צון א שניידער. דערנאָך איז ער אוועק קיין פרישטיק (א שטעטל אין גאליציע), און געוואָרן א משרת ביי ר׳ מענדעלען וועלכער איז שפּעטער אריבער קיין רימאנאָוו.

אן איניקל דעם ריזשינעס האָט גענומען זיין טאָכטער פאר א ווייב.

נפטר געוואָרן א׳ כסלו תר״ז (1847).

## ר׳ מאירל פרעמישלאנער

איז געבוירן געוואָרן 1787 און נפטר געוואָרן 1858. זיין צדקה־געבן איז געווען אָן א גרעניץ. ער גופא האָט געלעבט אין גרויס דחקות, אָבער שטענדיק פריילעך. א טבע האָט ער געהאט זיך צו באנוצן מיטן רוטענישן לשון אויסטייטשנדיק אזוי, אז עס האָט זיך באקומען דער געדאנק וועלכן ער האָט געוואָלט ארויסברענגען. אזוי למשל, קומט צו אים אמאָל, א יינגערמאן שואל־עצה זיין ווי אזוי ער קען ווערן א ירא־שמים. „גיי ארויס — זאָגט אים דער רבי — און קום מיר זאָגן וואָס דו האָסט געהערט״.

דער יינגערמאן גייט ארויס, קומט צוריק און דערציילט דעם רבין אז א ייד האָט געהאנדלט א וואָגן היי ביי א גוי און האָט אים געזאָגט: „איוואן, סקידאי סינא, ברע הראָשי!״ — נו, נו, דאָס האָט ער טאקע דיך געמיינט נאָר דו האָסט ניט פארשטאנען; ער האָט אזוי געמיינט צו זאָגן: „איוואן סקידאי — ווארף אראָפּ פון זיך דעם איוואן; סינא — דאָס וואָס איז געזאָגט געוואָרן אויפן בארג סיני, ברע הראשי — נעם אין קאָפּ אריין״.

וועגן צדקה, האָט ער געטייטשט: „לא תלין נבלתו״ — אז דאָס מיינט דער פסוק געלד, און יעדער נאכט, איידער ער איז זיך געגאנגען לייגן שלאָפן, האָט ער אוועק געטראָגן די לעצטע פרוטה צו נסתרים.

# דער ריזשינער

ריזשין איז א שטעטל אין דער אוקראאינע, קיעווער גובערניע. — ר׳ סרולטשע איז דער באגרינדער פון דער סאדיגיערער דינאסטיע. זיין פאמיליע־נאָמען: פרידמאן.

געב. 1797 אין פאָגרעבישטש (קיעווער גוב.) ביי זיין פאָטער ר׳ שלום, אויך א רבי, א זון פונעם „מלאך" (דעם מעזריטשער מגידס זון);

צו 16 יאר איז ער אויפגענומען געוואָרן אלס רב אין ריזשין און אין א קורצער צייט ארום איז ער בארימט געווארן אין דער גאנצער סביבה.

אין ריזשין האָט ער געגרינדעט א „הויף" וועלעכס איז בארימט געווארן מיט זיין לוקס און פראכט. די קליידונג, סיי דעם רבינס און סיי פון זיין בני־בית, איז געווען פארכאפנדיק עלעגאנט און פלעגט פאָרן אין א קאָטש געשפאנט צו 4 פערד.

פון ריזשין איז ר׳ סרולטשע אריבער קיין סאדיגערע (בוקאָווינא) ווו ער האָט געהאט א פרעכטיקן פאלאץ, אן אייגענעם אָרקעסטער און זיין גאנצע התנהגות איז געווען א פרינצלעכע. א דאנק זיין באצויבער־נדיקער געשטאלט, זיין אומגעוויינטלעכער שיינקייט און זיין קלאָרן און טיפן נאטור־פארשטאנד, איז זיין השפעה געווען זער שטארק ניט בלויז אויף יידן, נייערט אויך אויף פוילישע און רוסישע פריצים וועלכע פלעגן זיך ביי אים פראווען. די צאָל פון זיינע חסידים איז געווען אָן א שיעור.

דער אפטער, וועלעכער איז עלטער געווען פון אים מיט 52 יאָר, האָט אויף אים עדות געזאָגט, אז „ווער עס איז מקבל פנים דעם

ריזשינער, איז גלייך ווי ער זאָל מקבל פנים זיין די שכינה". און דער רבי ר' הערש, וועלכער איז אויך עלטער געווען פון אים מיט 19 יאר און צו וועלכען עס זענען געפאָרן באריםטע צדיקים — צווישן וועלכע דער סאנדזער, ר' חיים האלבערשטאם, וואָס רופט אים אָן: „ר' הערש הקדוש", און איז געפאָרן צו אים לערנען ווי אזוי גאָט צו דינען", — האָט זיך ממש איינגעשטעלט דאָס לעבן און געפאָרן אויף דער עלטער מיט א וועגעלע, איבער 100 מייל, כדי צו זען דעם ריזשינער. און ווען ער איז פון אים צוריק געקומען, האָט ער געזאגט: „פלאי פלאים! דעם ריזשינערס וועג איז א הייליקער וועג, א פשוטער מענטש קען דאָס ניט משיג זיין. די גאנצע גרויסקייט און פראכט וועלכע דו זעסט ארום אים, זענען ניט מער ווי מיטלען צו דינען דעם באשעפער. אזוי איז אויך געווען דער דרך פון חנוך אין עבודת הבורא, וועלכער איז שפעטער געוואָרן דער שר־הפנים".

נפטר געוואָרן 1851 (ג' חשוון תרי"א).

# ר׳ אורילע סאמבארער

אין קיין שום ענציקלאָפּעדיע (אינקלוזיוו די גרויסע נאציאָנאַל־ענציקלאָפּעדיע), אין קיין שום ווערק איבער חסידות (אינקלוזיוו אין אליעזר שטיינמאנס) — איז דער נאָמען פון דעם דאָזיקן גרויסן צדיק ניט דערמאנט. וועל איך אויפצייכענען דאָס וואָס עס איז מיר באקאנט פונדערהיים, מיינע קרובים זייענדיק געווען זיינע חסידים און א קרוב פונעם רבין איז געווען אן איידעם אין מיין משפחה.

סאמבאָר איז א שטעטל אין מערב־זייט פון מזרח־גאליציע. ווי עס איז צו זען פון מיין פּאָעם, איז ר׳ אורילע געווען א גרעניצלאָזער בעל־צדקה; אזוי ווי ר׳ מאירל פּרעמישלאנער אזוי האָט אויך ער געטייטשט: „לא תלין נבלתו" אז דאָס מיינט דער פסוק, געלד. און ער האָט „געזאָרגט" אז נישט נאָר זאָל ניט איבערנעכטיקן, אין זיין קעשענע האָט אפילו ניט איבערגעטאָגט קיין פּרוטה.

לויט מיין השערה איז ער נפטר געוואָרן אָנהויב 20־סטן י״ה.

# ר׳ דוד משה פון טשאָרטקיעוו

איז געווען דער זון פונעם ריזשינער. געב. 1823 אין ריזשין און נסתלק געוואָרן 1904 אין טשאָרטקיעוו. אויך זיין הויף — ווי דעם פאָטערס — איז געווען געפירט מלכות׳דיק. זיין כאראקטער־עדלקייט איז געגאנגען אזוי ווייט אז ער האָט זיך פארמיטן צו שעלטן אפילו א גוי וואָס האָט אָנגעטון צרות א יידן.

ווי ס׳איז באקאנט האָבן די גוטע־יידן פון דער ריזשענער דינאַ־סטיע זיך פארהאלטן אויסערגעוויינטלעך רוייק ביים דאווענען. ניט־נאָר האָבן זיי זיך ניט געשאָקלט התלהבות׳דיק ווי למשל דער סטרע־ליסקער, דער רבי ר׳ הערש, אָדער דער בארדיטשעווער — זיי האָבן זיך אפילו ניט באוועגט. בשעתן גאנצן דאווענען פלעגן זיי שטיין ממש ווי סטאטויעס ניט טוענדיק זיך קיין ריר. כ׳געדענק ווי דער רימאנאָ־ווער ע״ה — דער רבי ר׳ יוסף (דער זון פון רבין ר׳ הערש וועלכער איז אויפגעצויגן געוואָרן אין סאדיגיערע, ווייל זיין מאמע, מלכה, האָט נאָך דער פטירה פונעם רבין ר׳ הערש חתונה געהאט מיטן ריזשינער און יוסף איז נאָך דעמלט געווען א קליין יינגעלע), צו וועלעכנס מנין איך בין אייגנס געפאָרן אָנצוהויבן לייגן תפלין — איז געשטאנען ביי דער יום־כפורדיקער שמונה־עשרה מער ווי א

---

באמערקונג: הגם איך האָב ניט קיין עקסטרע ליד געווידמעט דעם טשאָרטקעווער, רעד איך אָבער פון אים אינעם ליד: „דער סטרעליסקער״.

שעה און דער עולם פלעגט זיך וווּנדערן ווי אַזוי איז אַ מענטש בכוח צו שטיין אַזוי לאַנג ניט טוענדיק אַ מינדסטן ריר. צו דעם דאָזיקן אָ דרך זייערן קען מען געפינען דעם שליסל אין די ווערטער פונעם טשאָרטקיעווער: „דאָס וואָס דער צדיק פילט, איז באַהאַלטן און פאַרהוילן אינעווייניק. דאָס דאַרפן מענטשן ניט זען פון דרויסן — דאָס ברענט ווי אַ פייער אין זיינע ביינער".

# באמערקונג

לכתחילה האָב איך געהאַט בדעה, איבערצוזעצן אַלע (אָדער דאָס רוב) תפֿלות. בשעת דער אַרבעט אָבער האָב איך געזען אַז ביי אַ גרויסן טייל איז דאָס אַ מין כּפֿל דברים במלים שונות — עס חזרט זיך כּסדר איבער כּמעט דערזעלבער אינהאַלט און דער אונטערשייד איז בלויז איינעם וואָרט און אינעם וואָרט־שפּיל. און אויב אַלס תּפֿלה, האָט יעדע פֿאַר זיך איר באַטייט, אַפֿילו די פֿאָרעם און דאָס לשון האָבן זייער באַזונדערן ווערט, קענען זיי אַלס ליד (און אין דער איבערזעצונג זענען זיי בלויז ווי אַזעלעכע צו ווערטן) — דעם זין פֿון דער תּפֿלה, פֿאַרפֿלאַכן און פֿאַרמינערן. האָב איך זיך אָפּגעלאָזט פֿון ווייטערדיקע איבערזעצונגען, בלייבנדיק שטיין דאָ ווו עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז נייע געדאַנקען, ברענגען די ווייטערע תּפֿלות ניט אַרויס.

## ובכן צדיקים

נאָר גערעכטע וועלן זעען פרייד;
ערלעכע בלויז וועלן לוסטיק זיין;
צוגעשלאָסן ווערן וועט דאָס מויל פון אומגערעכטיקייט
וואָס שטעלט דעם רשע אויבנאָן,
דעם צדיק אָן א זייט.
ס׳וועט אן ענדע נעמען צו דער רייבער־הערשאפט אף דער ערד!
אז אויך די שוואכע זאָלן קענען לעבן אומגעשטערט.

# כבודו איהל ברחמים מלך

דער מלך האָט דערלויכט זיין כבוד,
צו פּרוון דעם געדאנק פון יעדן:
צי ניט אין הארץ א שלאנג ער כאָוועט.
און ווי א טייבעלע טוט ריידן...

מיט מוט געגאָרט בית־דין של מעלה
(אז הימל־ערד און ים דערציטערן)
צו משפטן מיט שטרענגקייט אלע
די וואָס א צווייטנס זייק, פארביטערן.

ער שפּייזט איעדן לויט די זכותן,
כפי ער איז: גערעכטער, זינדער;
איך בעט ניט טאטעניו קיין פלוסן —
א שטיקל ברויט בלויז פאר די קינדער.

## יראתי בפצותי

גאָטעניו, דערהער מיין שטיל געבעט
(ניט באפארבטס, ווייל ניט כדי מען זעט):
גיב די קינדער דיינע, ברויט און קלייד.

לעבנדיק א לעבן איבערדאנק,
האָבן שלום זיי געמאכט שוין לאנג
מיט דעם סאמע שרעקלעכסטן געדאנק:

ניט קיין מענטשן, ווערעם זענען זיי...

— — — — — — — — — — —

ווערט מיין הארץ געקאָרטשעט ווען איך זע
און די בושה שטארקער ווי דער ווײ...

## חונן ועושה

ער לייטזעליקט דעם יתום ווען ער קומט צום דין;
דעם האָרעפּאשניק וועלכער ארבעט ווי א בין;

צוליב אלמנות פאָכעט ער מיט שארפער שווערט;
רשעים און תקיפים, משפט לויט דער ווערט.

---

## כלה אל תעשה

פאַרדאַרב ניט גאָטעניו דעם רעסט ישׂראלס!
אַף דעם מיר גיסן אויס דאָס האַרץ זייט געכטן
פאַר דיר דעם דיין, איינציקן גערעכטן
פון צווישן אַלע הערשער און מלכים —
אין זכות פון דעם, געשיקט אים דריי מלאָכים.

אָ גרויסער מלך, צייט שוין אויפצוהערן
צו פליסן ימים בלוט און ימים טרערן,
און צייט שוין צו צעשמעטערן מזבחות,
און אָנפולן די לופט מיט נייע איכה׳ס —
אין זכות פון דעם, זיין טאַטע געוואָלט אים מקריב זיין.

פאַרשטויס ניט גרויסער מלך אונדזער קלאָגן,
מיר קענען שוין די צרות ניט דערטראָגן; —
אין זכות פון דעם וואָס האָט געחלומט: ס׳גייען
אַרויף־אַראָפּ מלאָכים אַף דער לייטער.
אַצינדערט העלף און לייג ניט אָפּ אַף שפּעטער.

———

## מוטות צרים שבר

די שטאנגען פון די פיינט, צעשמעטער און צעשטויס;
פארזאמל די צעוואָרפענע און לייז זיי אויס.
די איידלע פון די פעלקער, צאָל מיט טאָפּלט שכר;
דאָס פּנים פון די פיינט, פארשווארץ ווי טעפּ־דנאָס, האר!
אף גלייכן וועג זאָלסטו אונדז פירן גרויסער גאָט,
ניט אויסגליטשן, עס זאָל חלילה אונדזער טראָט.

# מלך במשפט

### א

מלך מיט משפט די וועלט האָט באשאפן,
(זאָל דאָס איעדערער וויסן!)
בעת ער וועט משפטן, וועט קיין שום רשע
דעמלט פון רחמים געניסן.

די מיט געמיטער באטריבטע, צעדריקטע,
וועט ער פון תפיסה באפרייען;
און פון די הויכן א קול וועט זיך הערן:
דאָ איז א דין און א דיין.

מלך וועט אָנכאפן וועלט בא די פּאָלעס,
אויסטרעסען זי פון וואמפּירן;
דענצמאָל וועט ערד זיך צעזונגען מיט שאלונג:
איצט וועט שוין יושר רעגירן!

גאָט וועט אראָפּטלימען הערשער פון טראָנען,
און די פארשקלאפטע דערוועקן:
דינען און פאָרכטן איר דארפט אייך פאר גאָט בלויז,
ניט פאר קיין מענטשן זיך שרעקן.

### ב

אין די הימלען, די הייליקע חיות
מיט ראפּידעניש לויפן ווי בליצן;
נהר־די־נור א צעגליטער צעשטרעמט זיך,
אש־להבה׳קע פונקען טוט שפריצן.

א אין־סופיקע לויטערע חופה,
איז צעבלענדט אויף די קעפּ פון די חיות;
איבער איר, אויף א פרעכטיקן כסא
אויס סאַפיר, טראָגט דער כבוד הויה׳ס.

אין עטרה אויס אורליכט, דער כבוד
איז פאַרהילט; אויס זיין מויל ווי אויס קוואַלן
שטרעמט אָן אויפהער מיט מילדקייט זיין חכמה,
ביי פמליא של מעלה׳ס געשאַלן.

און פון דאָרטן פאַרנעמט ער די תפלות,
וואָס באַווייזן זיך וויס פאַר די אויגן;
און באַפעלט ער: דאָס פענצטער ניט עפענען,
א באַוויז אַז די תפלות ניט טויגן.

נאָר די תפלות וואָס דרינגען פון האַרצן —
אַכצן הונדערט מליצים באַלוינען:
אויפן קאָפּ דעם אַלמעכטיקערס, פלעכטן
אויס זיי, ליכטיקע רחמימקע קרוינען.

---

# הנני העני ממעש

איך בין אָרעם אין מעשים,
בין א וואָרעם וואָס דאַרף רחמנות —
כאָטש אַזוי,
האָב איך די העזה צו שטעלן זיך פאַר דיר
און בעטן רחמים פאַר דיין פאָלק ישראל.

עס זענען זיינע קעפּ געבויגן
ווי די בלעטעלעך פון א מימאָזע,
ווען א רויער,
מגושמ׳דיקער
האַנט־באַריר,
פאַראומרייניקט איר צניעות.

ביק איך זיך פאַר דיר און חלש:
בייג דיין אויער, גאָט, צו זיינע תפלות,
דאָ ווי אויך אין אַלע יידישע קהלות.

טאָמער זענען זיי ניט ראוי צו דיין גנאָד
פאַר זייערע מעשים —
דערמאַנזשע זיך אָן דורות־לאַנגע עקידות,
אַלע דיר,
נאָר דיר צוליב.

ווען וועסט דערבאַרעמדיקער פאָטער
דאָס גאַנצע בלוט, אומזיסט פאַרגאָסענע,
פאַר דיינע אויגן לאָזן זיך אַנטפּלעקן —
וועט דיין חסד אַלע זינד פאַרדעקן.

# באמערקונג

1. מיט דידאַזיקע תהלים־לידער בין איך ניט אויסן צו מאכן א תהלים׳ל פאר די וואָס זוכן טרייסט אָדער בעטן א ישועה; אויך ניט צו איבערזעצן. מיין כוונה דאביי איז: צו פרעזענטירן דעם יידישן לייענער, דאָ די פּאָעטישע שיינקייט און דאָרט דעם עטישן געדאנק.

דער מאָטיוו וואָס איך האָב מאנכע קאפּיטלעך איבערגעהיפּט, איז:

א) ניט מיט אלץ וואָס דרינגט פון זיי ארויס, בין איך מסכים;

ב) דאָ וווּ דערזעלבער געדאנק ווערט צו אָפט איבערגעכאזערט, איז די איבערזעצונג אן איבריקע.

ג) א מענטש אויף וועלכן עס איז אויסגעגאָסן געוואָרן דער צאָרן פונעם מאקסימאלסטן אומגליק און וועלכער, וויפל איך ווייס, האָב קיינעם ניט קיין שלעכטס געטון — האָב ניט געקענט אריינגעמען אין מיין ארבעט פסוקים ווי: „קרוב ד׳ לנשברי לב ואת דכאי רוח יושיע״; „רבות רעות צדיק ומכלם יצילנו ד׳; שומר כל עצמותיו אחת מהנה לא נשברה״, א. ד. גל. פארשטייט ~~אף~~ אז איך האָב ניט איבערגעהיפּט אלע פסוקים פון דעם כאראקטער, ווייל דאָס וואָלט געהייסן צעשטערן איינעם פון די הויפּט־זיילן אויף

וועלכער דער אָריגינאַל שטיצט זיך בכלל — אָבער דאָ ווו די עלימינאַציע האָט ניט גורם געווען צו א בולט'ן פגם אין דער קאָנסטרוקציע פונעם באטרעפנדיקן קאַפּיטל, האָב איך עס געטון. עס קען עמיצער גאָט לויבן פאַר דער טובה וואָס גאָט האָט אים פערזענלעך געטון, אָבער באַהויפּטן מיט באַשטימטקייט: „אסאך צרות האָט דער צדיק און פון אלע איז גאָט אים מציל" — איז אָנזיניק און פּאַראַדאָקסאַל.

2. איך האָב זיך באמיט צו געבן דער פּאָעטישן פאָרעם, א תפלה־לבוש ווייל אזוי ווי סע פּאַסט ניט למשל פאַר א דאָן זשואן א טלית־קטן, אזוי פּאַסט ניט פאַר א רב א סמאָקינג; די פאַרהעלטניש פון דער פאָרעם צום אינהאַלט איז ווי דאָס מלבוש צום אָנקליידער.

3. אין תהלים איז בולט די עניוות פונעם מחבר; ער בעט גאָט ניט אין זיין זכות, נאָר אויפן יסוד פון גאָטס נאָמען: „למען שמך תנחני ותנהלני" (ל"א ד') = צוליב דיין נאָמען זאָלסטו מיך פירן.

4. אויף אסאך ערטער האָב איך געענדערט דעם סדר פון די פּסוקים, למשל אין קאַפּ. ל"א האָב איך נאָכן פּסוק ה: „הוציאני מרשת זו טמנו לי — געשטעלט פּסוק י: „חנני ד' כי צר לי", ווייל עס האָט קיין זין ניט צו שטעלן פּסוק י' ווו ער בעט זיך גאָט זאָל אים לייזע־ליקן ווייל עס איז אים זער שלעכט, נאָכן פּסוק ט' ווו ער יובלט מיט דאנק: „ולא הסגרתני ביד אויב" — האָסט מיך ניט איבערגעגעבן אין דער האַנט פונעם שונא.

איך האָב געבראַכט ציטאַטן פון ל"א. ווייל גראָד דאָס קאַפּיטל איז א מאָדעל פון ניט־סדרקייט פאַר פּסוקים אין זעלבן קאַפּיטל. די אויבן אָנגעוויזענע פּסוקים זענען ניט די איינציקע אינעם דער־מאַנטן קאַפּיטל וועלכע איך האָב איבערגעשטעלט.

5. און נאָך א כאַראַקטעריסטיק פאַרן תהילים־מחבר: עצה פאַר אלע צו טאָן אזוי ווי ער ווייל עס איז כדאי: „אהבו את ד' כל חסידיו — אמונים נצר ד'" (ל"א כ"ד) = איר חסידים אלע — האָט ליב גאָט ווייל ער היט די געטרייע.

6. איך בין שטיין געבליבן מיט דער איבערזעצונג ביי קאפ. מ״א וועלעכס איז דער סוף פון „ספר ראשון״; צווי טעמים דער־צו: א) סיי דיזעלבע געדאנקען, סיי דיזעלבע אויסדרוקן ווערן אזוי אָפט איבערגעכאזערט, אז איך האלט — איין „ספר״ איז גענוג. ב) דאָס־דאָזיקע קאפיטל איז א הימנע פאר דעם וואָס זאָרגט פארן שוואכן און דאָס, אי ס׳איז געניי צוגעפאסט צו מיין לעבנסקוק אי ס׳איז דער אייגענטלעכער הויפט־צוועק פונעם גאנצן בוך.

# דאס ערשטע ספר

## אשרי האיש

(זיך ניט חבר'ן מיט אויסוואורפן)

— קאפיטל א' —

ווויל דעם מענטשן וואָס זיך ניט געפירט האָט לויט די עצות פון רשעים,

אויפן וועג פון זינדער ניט געזעסן,

זיך פון שלעכטע דרכים צו דערווייטערן, פארשטאנען.

ווי א בוים אויף טייכל־ברעג

וואָס גיט די פרות צו דער צייט,

די בלעטער זיינע ווערן ניט פארוויאנעט —

אזוי וועט ער ניט וויסן פון קיין צרות,

פון קיין לייד.

דער רשע אָבער,

וועט ביים משפט ניט באשטיין:

ווי א פלעווע וואָס דער ווינט פארטראָגט,

וועט פארשניטשעט ווערן זיין געביין.

# מה רבו צרי
(בטחון)

— קאפיטל ג׳ —

ווי פיל עס זענען מיינע שונאים!
ווי גרויס די צאָל פון די וואָס שפייען מיר אין פנים!

נאָר דו מיין גאָט, מיין כבוד־געבער
און מיין קאָפּ־דערהייבער —
אויף דיר איך וואַרף מיין עול,
צו דיר עס רופט מיין קול
און דו עס הערסט.
און איך בין זיכער: דו מיר גוטס באַשערסט
און אַלץ איז בלויז אין דיר געווענדט.

איך לייג זיך און איך שלאָף אָן שרעק,
איך וועל בשלום אויפשטיין ווייל מיין גאָט מיך אונטערלענט.

פאַר די וואָס מאַכן אַרום מיר אַ ווילד געיעג,
האָב איך קיין מורא!
דו גרויסער און אַלמעכטיקער בורא
וועסט זיי צע׳ממיתן מיט אומרחמנות־שלעג,
אַז צו דער רשעות׳דיקער גאוה, נעמען זאָל אַן עק.

---

## בני איש

(גיט אייך חשבון אָפּ)

— קאפיטל ד׳ —

מענטשן־קינדער!
ביז ווען?
ביז ווען וועט איר מיין כבוד שענדן,
ליבן ליידיקייטן
און באגערן ליגנערייען?
וויסן זאָלט איר,
גאָט איעדן לויט זיין ווערט באצאָלט:
דעם ערלעכן פאר זיך ארויסשיילט
און פארנעמט זיין שטים
ווען רופט צו אים.
פאָרכט אייך און ניט זינדיקט!
רעדט אייך דורך מיט אייגן הארץ אויף דעם געלייגער
און בארעכנט אייער לעבנס־שטייגער!
וואָס אין מיר באלאנגט,
האָב תמיד איך געדאנקט
און גאָט געבעטן
אויף פאר אייער קאָרן,
אייער ויין —
ס׳זאָל מער אלץ מערער זיין.

---

# לא אל חפץ רשע אתה

(גוטער ווילן אויף דער גאנצער ערד).

— קאַפּיטל ה׳ —

דו ביסט ניט קיין גאָט וואָס שלעכטס באַגערט;
מיט דיר ניט קען דאָס רשעות וווינען;
אַן אויסוואורף קען ניט שטיין פאַר דיינע אויגן;
דעם אונרעכט־טוער,
ליגנ־ריידער
וועסטו לויטן ווערט
באַלוינען.

מענטש פון בלוט,
באַטרוג —
איז אומוווערדיק ביי גאָט,
ווייל אין זיין מויל ניטאָ קיין אמת וואָרט;
זיין אינעווייניק — בראָך און מאָרד;
זיין גאָרגל — קבר אָפענער;
זיין צונג איז גליטשיק —
באַשולדיק זיי אָ גאָט!
זאָל שטרויכלען זייער טראָט!
דורך זייערע פאַרברעכנס זאָלסטו זיי פאַרשטויסן!

נאָר די וואָס שיצן זיך אין דיר,
זאָלן אייביק זינגען אַ באַשיצונגס־שיר.
אַרומרינגלען זאָלסט זיי ווי מיט אַ פּאַנצער
און גוטן ווילן זאָלסטו לאָזן הערשן
אויף דער ערד דער גאַנצער.

---

# יגעתי באנחתי

(איך בין שוין מיד זיפצנדיק).

— קאפיטל ו׳ —

לייטזעליק גאָט ווייל אומגליקלעך בין איך ;
הייל מיך גאָט ווייל מיינע ביינער זענען איבערגעשראָקן.
איך בין שוין מיד פון זיפץ און וויי,
אין מיינע טרערן ווערט מיין בעט צעטאָפּעט
שווימנדיק אין זיי.
פון צער און צאָרן
איז מיין אויג פארפינצטערט שוין געוואָרן,
דורך מיינע שונאים — איז עס פון זיין אָרט ארויסגעשפּרונגען.

אוועק פון מיר איר אומרעכט־טוער !
גאָט האָט מיין געוויין דערהערט
און מיין געבעט באגערט.

---

# יגמר־נא רע־רשעים
(זאָל שוין נעמען אן עק פונעם שלעכטן)

— קאפיטל ז׳ —

גאָט מיין גאָט!

אויב ס׳איז אין מיינע הענט פאראן אן עוולה,

אויב איך האָב פארגאָלטן מיינע פריינט מיט שלעכטס —

זאָל דער שונא רודפן מיך,

מיך כאפן און מיין לעבן אויף דער ערד צעטרעטן

און מיין כבוד מאכן מיטן פאָרעך גלייך.

דו גאָט וואָס פעלקער משפטסט!

משפט מיך לויט מיין גערעכטיקייט,

אומשולדיקייט,

זאָל נעמען שוין אן עק צום רשעות אויף דער גאָרער וועלט פארשפרייט

און שטארקן זאָלסט דעם צדיק.

פיילן וואָס דער רשע אָנגעגרייט,

זיי זאָלן טאקע אים אליין צעשטעכן;

גרוב וואָס ער געמאכט,

פארשליסן טאקע איבער אים זיין טראכט...

און זאָל ער ניט דיין נאָמען און דיין ערד פארשוועכן.

---

# למה ד׳ תעמד ברחוק?
(פארוואָס שטייסטו גאָט פונדערווייטנס?)

— קאפיטל י׳ —

פארוואָס, אלוה, שטייסטו פונדערווייטנס
און ניט העלפסט בייצייטנס
אין א צייט פון צרה?
דער רשע רודפט אָרעמאן מיט גאוה,
פאקט אים אין די בייזע פלאנעז וואָס ער האָט פארטראכט,
דערנאָך בארימט ער זיך מיט תאוה:
יעדער צייט באגליקן זיינע וועגן;
ווייל דיין משפט איז צו ווייט פון אים,
זיך טראכט ער אין זיין הארץ:
א י ך — וועל קיינמאָל זיך ניט וואקלען;
מ י ר — וועט דורי־דורות ניט געשען קיין בייז.

זיין מויל איז פול מיט קללות,
שווינדל
און באטרוג.
ער זיצט אויף לאָקער־פלאץ און הרג׳ט פון באהעלטעניש דעם ריינעם.

שטיי אויף אָ גאָט, הייב אויף דיין האנט!
פארגעס ניט די ענוים!
פארוואָס זאָל רשע דיך דערצערנען
מיינענדיק, זיין רשעות איז דיר ניט באקאנט?
אויף דיר פארלאָזט זיך דער אומגליקלעכער,
דער יתום וועמען פלעגסט צו העלפן.
צעברעך דעם אָרעם פונעם רשע
אז ווען וועסט זיין רשעות זוכן
זאָלסט עס ניט געפינען.

דעמלט וועט קיין שום בן־אדם
מער קיין צווייטן ניט טעראָריזירן,
און זיין שלווה אים פאַרגינען.

---

# צדיק ד׳ צדקות אהב

(גאָט האָט ליב גערעכטיקייטן)

— קאַפּיטל יא —

ווי אַזוי קענט איר מיר זאָגן:
וואַנדער־אויס פון דיין געצעלט ווי פויגל פון זיין נעסט,
ווייל די רשעים שפּאַנען בויגן
שטריק פאַר פיילן אָנגעצויגן,
שיסן פון דער פינצטערניש אין האַרץ־רעכטפאַרטיקע?

גאָטס אויגן זעען,
זיינע וויעס פּרוּוון דעם בן־אדם, לויט זיין ווערט אים שעצן.
איבער די רשעים וועט ער לאָזן רעגנ־גאָס
פון פייער,
שוועבל,
נעצן,
און אַ בייזער שטורעם־ווינט וועט זיין דער גאָב פון זייער כוס.
גאָט איעדענס האַרץ,
איעדנס זין פאַרשטייט;
ער איז אַ צדיק און האָט ליב גערעכטיקייט.

---

## יכרת ד׳ כל שפתי חלקות
(גאָט וועט פארשניטשען אלע פאלשע ליפּן)

— קאפיטל יב —

העלף אונדז גאָט!
ווייל ס'האָבן זיך געענדיקט מענטשן מיט גענאָד.
איינער מיטן צווייטן — לויטער שווינדל,
לויטער דריי,

מיט גלאטע לעפּצן,
הערצער צוויי.
גאָט וועט פארשניטשען אלע פאלשע ליפּן,
אלע צונגען־גרויסעריי וואָס זאָגן:
„לאָמער אונדזער צונג פארשטארקן
אונדזער שפּראך בלויז אונדז געהערט, איז ווער־זשע אונדזער הארן!״
און האָבן פון איעדן דאָס גענאר.
האָט גאָט געזאָגט:
„אקייגן רויב פון אָרימאן,
דעם וויי־געשריי פון אביון,
וועל איך אויפשטיין און אים העלפן״.

היט אים גאָט!
באהיט אים פון דעם דור
וו בייזע פריי שפּאצירן,
וו סע ווערט ביי מענטשן די פארדאָרבנקייט דערהויבן
און סע האָט זיך אויסגעלאָזט דער גלויבן.

---

# עד אנה?
(ביז ווען?)

— קאפיטל יג —

ביז ווען גאָט וועסטו מיך פארגעסן?
ביז ווען וועסטו פארבאָרגן ס׳פּנים דיינס פון מיר?
ביז ווען וועל זוכן עצות זיך באפרייען פון די טרערן?
ביז ווען וועט זיך מיין פיינט דערהייבן איבער מיר,
מיך מאכנדיק צו שאנד און שפּאָט?
גיב א קוק און ענפער מיר מיין גאָט!
דערלויכט די אויגן מיינע כ׳זאָל מיט טויט־שלאָף ניט אנטשלאָפן ווערן.
עס זאָל דער פיינט ניט זאָגן: כ׳אָב אים בייגעקומען,
עס זאָלן מיינע שונאים זיך ניט פרייען וואָס בין אומגעקומען.

איך פארלאָז זיך אויף דיין חסד,
ס׳פרייט מיין הארץ זיך מיט דיין הילף.
איך וועל זינגען, גאָט, ווייל דו וועסט גוט פארגעלטן
מיך באלוינענדיק אויףביידע וועלטן.

---

# אלהים בדור צדיק
(גאָט באשיצט דעם צדיק)

— קאפיטל יד —

דער אויסוווּרף טראכט זיך אין זיין הארץ:
ניטאָ קיין גאָט;
פארדארבט ער און פאראומווערדיקט די מעשים זיינע,
אויף איעדן טראָט.

פון הימל קוקט גאָט צו די מענטשן —
אלע האָבן אָפּגעקערט זיך פונעם גוטן וועג,
צוזאמען טון זיי שלעכטס בלויז
נעכט און טעג.

עס זאָלן אָבער וויסן אלע זינדער,
אלע די וואָס עסן ס׳פאָלק מיינס ווי מען עסט א ברויט,
אז דער באשעפער נעמט זיך אָנעט פארן צריק;
איר פארשעמט דעם אָרימאן, נאָר גאָט איז ביישטייט אין דער נויט.

הלוואי, פון ציון זאָל ישועה אויף ישראל קומען!
ווען גאָט געפאנגענשאפט זיין פאָלקס צוריקקערן —
וועט יעקב לוסטיק זיין, וועט פרייען זיך ישראל,
און די שונאים וועלן באָדן זיך אין טרערן.

---

# מי יגור באהלך?
(ווער קען וווינען אין דיין געצעלט?)

— קאפיטל טו —

ווער קען וווינען, גאָט, אין דיין געצעלט?
ווער קען רוען אויף דיין בארג דעם הייליקן? —

דער וואָס גייט מיט ערלעכקייט
און טוט גערעכטיקייט
און רעדט ווי טראכט אין הארץ,
ניט פירט קיין פלאָטקעס,
טוט זיין חבר ניט קיין רעה,
האסט וואָס אָפגענארטס
שטרעבט, זיין קרוב ניט צו ברענגען צון א שאנד,
דעם נמאסן פאראכט ער,
גיט זיין געלד ניט אויף פּראָצענט,
פון שוחד ציט צוריק די הענט.

ווער דאָס אלצדינג היט,
ווערט אייביק שטיין סאָליד.

# עם חסיד תתחסד
(צאָלט יעדן לויט זיין ווערט)

— קאפיטל יח —

מענטש פון חסד דו באשענקסט מיט חן אים,
מיטן מאן פון יושר, פירסט זיך יושרדיק;
מיט ריינקייט פירסטו זיך אקייגן ריינעם —
אָבער דעם פארדאָרבענעם,
באצאָלסט לויט זיין פארדאָרבנקייט.
דעם ענו ווערסטו העלפן,
דעם מיט אויגן אויפגעריסענע ווערסטו דערנידריקן.
דו ווערסט אָנצינדן מיין לעכט,
מיין פינצטערניש צעהעלן;
איך וועל נאָכלויפן די פיינט און זיי דערגרייכן.
וועל זיך ניט צוריקקערן ביז זיי פארלענדן;
ווערסט מיט קראפט מיר אָנגאָרטן די לענדן,
אז די שונאים וועלן פאלן אונטער מיינע פיס.
זייער נאקן ווערט געקערט זיין צו מיין פנים.
שרייען וועלן זיי, פארגיסן טרערן,
קיינער וועט ניט זען, ניט הערן.
ווי דער ווינט דעם שטויב וועל זיי צערייבן,
ביז קיין סלעד פון זיי ניט בלייבן.

---

# גם מזדים חשך עבדך
(פארשוין מיך פון באנדיטן)

— קאפיטל יט —

ווי א חתן פון דער חופה גייט ארויס די זון,
ווי א גבור פרייט זי זיך צו לויפן אין איר וועג,
פון איין עק פונעם הימל גייט ארויס און וואנדערט ביזן צווייטן עק,
און קיינער קען ניט פון איר ליכטשטראל זיך באהאלטן.

די תורה גאָטס איז ערלעך, קוויקט נשמה,
און מאכט קלוג נאראָנים:
די מצוה גאָטס א קלאָרע, ליכטיק מאכט די אויגן
און דערפרייט די הערצער.
גאָטס משפטים זענען אמת און גערעכט
און ליבלעכער און טייערער ווי גאָלד.
מיט שטרענגקייט היט זיי אָפּ דיין קנעכט,
ווייל גרויס דער שכר וואָס גאָט באצאָלט.

פון פעלער — ווער קען זיי פארשטיין? —
דיך בעט איך, גאָט, מאך דו מיך ריין.
אקייגן רייבער זיי דיין קנעכט א פאנצער,
דעמלט וועל איך ריין זיין פון עבירות,
ווערנדיק א מענטש א גאנצער.

---

# ותחסרהו מעט מאלהים

(נאָר ווינציק־וואָס האָסטו דעם מענטש קלענער געמאכט פון גאָט).

— קאפיטל ח —

אפילו פונעם מויל פון קליינע קינדער
האָסטו דיר א לויב באפעסטיקט
ווען דו ביסט זיך נוקם אָן די שונאים
און פארשטערסט זייי זייערער פלענער.

ווען איך זע דעם הימל,
דיינע פינגערס ווערק,
לבנה,
שטערן,
טאָל
און בערג —
וואָסאר ווערט האָט נאָך דער מענטש אז דו זאָלסט אים געדענקען
און באאכטונג שענקען ?
האָסט אים ווינציק־וואָס בלויז ווייניקער פון זיך געמאכט,
ארומגערינגלט אים מיט כבוד,
פראכט,
און אלצדינג אונטער זיינע פיס געלייגט :
אי שאָף,
אי רינדער,
ווילדע חיות,
פייגל,
פיש פון ימים —
אלצדינג אונטער זיין געוועלטיקייט זיך בייגט.

---

# אלי אלי למה עזבתני?

(גאָט מיין גאָט, פרוואָס האָסטו מיך פארלאָזט?)

— קאפיטל כב —

גאָט מיין גאָט! פארוואָס האָסט מיך פארלאָזט?
פארוואָס איז ווייט פון הילף מיין וויגעשריי?
מיין גאָט! איך רוף ביי טאָג — דו ענפערסט ניט;
איך בין געגליכן צו א ווערעמל,
פארשעמט,
באליידיקט;
אלע מיינע זעערס חוזקן פון מיר
און שאָקלען מיטן קאָפּ מיט שפּאָט:
„פארלאָז זיך אויף דיין גאָט!
זאָל ער דיך רעטן, ער דאָך דיך באגערט״.

זאָלסטו זיך באשעפער ניט דערווייטערן פון מיר,
די צרה נאָנט און ס׳האָט ניט ווער דעם שמערץ צו שטילן;
בשן־שטירן גאנצע האָרדעס,
האָבן מיך ארומגערינגלט און צעכראסטעט זייערע מאָרדעס,
ווי פארציקנדיקע לייבן ברילן,
צו פארשלינגען גרייט.
מיינע כוחות האָבן זיך צעטאָפּעט גלייך ווי וואסער,
מיינע ביינער זיך צעשפּרייט,
דאָס הארץ ווי וואקס,
די צונג זיך צוגעקלעבט צום גומען.
גאָט מיין שטארקער,
ראטעווע מיין נפש פון די הינט
און צאָל איעדן לויט ווי ער פארדינט.

## ד׳ רעי לא אחסר
(ווען גאָט איז מיין פאסטעך, וועט מיר גאָר ניט פעלן).

— קאפיטל כג —

ווייל גאָט מיין פאסטעך — וועט מיר גאָר ניט פעלן:
אויף לאָנקעס גרינע וועט מיך שטעלן,
אויף וואסערס שטילע וועט מיך שיקן
און מיין נשמה וועט דערקוויקן.
דעם וועג פון גלייכע סטעזשקעס וועט מיר ווייזן
און אויף צעפיקעניש די פיינט מיט לויטער גוטס מיך שפייזן.

אין טויט־טאָל ווען כ׳וועל גיין וועל זיך ניט שרעקן,
מיך שטיצט דיין פאסטעך — און דיין אָנלענשטעקן.
מיין קאָפּ ווּעסטו מיט בוימל פעטן,
מיין בעכער ביז די קאנטן זעטן.

---

# מי יעלה בהר ד׳ ?

(ווער איז ראוי ארויפשטייגן אויף גאָטס בארג ?)

— קאפיטל כד —

ווער קען שטייגן אויפן בארג פון גאָט ?
ווער קען שטייען אויף זיין הייליק אָרט ?

— דער וואָס האָט א הארץ א קלאָרס און ריינע הענט,
דער וואָס זיין נשמה ניט געטראָגן האָט אומזיסט,
און האָט ניט געבראָכן זיין געגעבן וואָרט.
ד ע ר וועט זיין געבענטשט פון גאָט
און באקומען הילף אויף יעדן טראָט.

---

# הפכת מספדי למחול לי
(האָסט פארוואנדלט מיין קלאָג אין טאנץ).

— קאפיטל ל —

איך דערהייב דיך גאָט וואָס האָסט מיך אויפגעהויבן פונעם בעט
און ניט געמאכט מיך ביי די שונאים צום געשפעט.

זינגט צו גאָט איר חסידים זיינע, לויבט
זיין נאָמען הייליקן!

ווייל א רגע בלויז האלט אָן זיין גרים,
זיין אייגנטלעכער ווילן — שענקען לעבן לאנג.

ביי דער נאכט קען נעכטיקן געוויין,
און אינדערפרי זאָל זיין געזאנג.

גאָט, צו דיר איך רוף און בעט:
וואָסאר געווינס פאר דיר, מיין נידערן אין גרוב?

וועט דיך לויבן ערד?
וועט זי דערציילן פון דיין ווערט?
האָסט מיין קלאָג אין טאנץ פארקערט,
מיין זאק האָסט אויפגעבונדן און מיך אָנגעגאָרט מיט פרייד —

מיין נשמה זאָל ניט שווייגן שטיל
און זינגען דיר א לויב אין אייביקייט.

---

# בך ד׳ חסיתי – אל אבושה לעולם
(שיצנדיק זיך אין דיר גאָט, וועל איך קיינמאל קיין בושות ניט ליידן).

— קאַפיטל לא —

גאָט,
זיך שיצנדיק אין דיר,
וועל קיינמאל איך פאַרשעמט ניט בלייבן.
מיטן כח פון דיין גנאָד
וועל איך אנטרינען,
אין דיין פעלזן־פעסטונג הילף געפינען.
ד י ר לכבוד זאָלסטו אויפן גלייכן וועג מיך פירן,
מיך ארויסציען פון נעץ וואָס זיי פארשפרייטן.
דערוויייטער גאָט פון מיר דאָס שלעכטס;
פאר ווייטיק און פאר צאָרן,
פינצטער שוין געוואָרן
מיין נשמה,
בויך,
און אויג.
אין טרויער ענדיקט זיך מיין לעבן,
מיינע יאָרן — גויט און קרעכץ.

דורך מיינע זינד, געשטרויכלט איז מיין כוח
און פארוויאנעט מיינע ביינער.
צו שאנד בין איך ביי מיינע פיינט,
א פאָרכט פאר מיינע פריינט.
אין דרויסן וואנדערן פון מיר אוועק
די אלע וואָס מיך זעען.

איך האָב געהערט דאָס רעדן פון אסאך
— עס כאפט מיך אָן א שרעק —
זיי האָבן זיך באראָטן און געפלאנט,
דאָס לעבן מיר צו נעמען.

גורל מיינער אין דיין האנט.
איז ראַטעווע, ניט ווערן כ׳זאָל פאַרלענדט.
איך איבערגיב מיין גייסט אין דיינע הענט
און דו וועסט מיך דערלייזן, גאָט פון אמת.

דערלויכט דיין פנים צו דיין קנעכט
און העלף מיר מיט דיין חסד.
פאַרשטומט עס וועלן ווערן ליגן־ליפּן
וועלכע ריידן אויפן צדיק רייד פאַרשייטע
מיט פאַראכטונג און מיט גאוה.

איך וועל מיט דיין חסד, איינציקער וואָס וואַר איז,
פרייען זיך וואָס האָסט געזען מיין פּיין,
אין אכט גענומען מיינע צרות,
שונא׳ס וועג צו מיר פאַרשטעלט
און מיינע פיס אויף ברייטן שליאַך געשטעלט.

ווי פיל דיין גוטס וואָס האָסט פאַר דיינע פאָרכטיקע באַהאַלטן!
דו וועסט זיי פאַרבערגן
פאַרן בונד פון בייזע מענטשן,
שיצן זיי פאַר בייזע צונגען.
לויב צו גאָט וואָס ער א וווּנדערבאַרן חסד מיר באַוויזן
ווען פון שונאים איך געליטן.
אין צעטומלטקייט האָב איך געטראַכט:
פון קייגן דיינע אויגן בין פאַרשניטן —
אָבער אין דער אמת, האָסט דערהערט דו מיין געבעט
בעת מיין קול צו דיר געשריגן.

הערט חסידים! איר זאָלט ליבן גאָט!
ער היט פון בייזן די געטרייע
און באַצאָלט קופּיאַטע די וואָס טון מיט גאוה און מיט שפּאָט.
שטאַרקט אייך!
מוטיקט אייער האַרץ איר אלע וואָס איר האָפט צו גאָט!

## אשרי אדם אין ברוחו רמיה

(ווייל דעם מענטש וואָס פארלייקנט ניט זיינע זינד).

— קאפיטל לב —

ווייל דעם מענטש וואָס מודה איז אין די חטאים
זוכנדיק פאר זיי א תיקון;
מיינע ביינער וואָלטן שוין פארפוילט געוועזן ווען איך וואָלט געשוויגן.

מיינע זינד איך מאך דיך וויסן, איך פארדעק זיי ניט מיט ליגן —
דו וועסט זיי פארגעבן.
דו ביסט מיר באהעלטעניש, מיך היטסט פון שונא.

*

מענטש, איך לערן דיך און וויז דעם וועג אויף וועלעכן זאָלסט גיין;
איך ווענד צו דיר מיין אויג.
זיי ניט ווי א פערד, אן אייזל וואָס ניט קען פארשטיין;
מיט זיין צירונג — צוים און לייצן — מוזט אים קיערעווען ווען וויל ניט טון דיין ווילן.

*

פרייט אייך, שמחה׳ט אייך צדיקים נאָר מיט גאָט,
און זינגט רעכטפארטיקע וואָס אָפהיט זיין געבאָט.

---

# אין המלך נושע ברב חיל

(ניט אין פילקייט פון ארמיי זיך ווענדט דער זיג)

— קאַפּיטל לג —

לויבט צו גאָט מיט פידל, טוט אים שפּילן מיט א הארץ פון סטרונעס
ער פאַרשטייט די מענטשנס טאָוונגען.
זינגט צו אים א ליד א נייעס און מיט שאַלונג שפּילט.
ווייל דעם פאָלק וואָס יהוה איז זיין גאָט,
פאָלק וואָס גאָט פאַר זיך עס אויסגעוויילט.
גאָט פון הימל קוקט און אַלע מענטשן זעט,
פון זיין זיצ־אָרט קוקט ער אף די וויינער פון דער וועלט,
אַלנס הערצער ער באַשאַפט.

ס׳ווערט א מלך ניט געהאָלפן מיט זיין ריזיקער אַרמיי,
ס׳ווערט דער גבור ניט געראַטעוועט א דאַנק זיין גרויסער קראַפט,
פאַלש איז אלס א הילף דאָס פערד —
נאָר דיין חסד גאָט קען טון וואָס אונדזער הארץ באַגערט.

---

# תמותת רשע רעה
(דעם רשע דערהארגעט זיין רשעות).

— קאפיטל לד —

**דער מענטש וואָס לעבן וויל, וואָס ליב האָט טעג צו זעען גוטס — היט זיין צונג פון שלעכטן, זיינע ליפן פון צו רעדן פאלש.**

**קער זיך אָפּ פון בייזן, שלום זוך און לויף אים נאָך —**
**וועט גאָט זיין צאָרן גיסן אויף די שונאים׳ס קעפּ און דיר וועט זיין א שוץ.**

דאָס רשעות הארגעט זיין באלבאָס,
**דעם צדיקס שונא וועט זיין שולד באצאָלן מיט דער פולער מאָס.**

---

# ריבה ד׳ את יריבי

(נעם זיך אָן, גאָט, מיין קריוודע).

— קאפיטל לה —

נעם זיך אָן מיין קריוודע, גאָט,
מלחמה האלט מיט די וואָס קעמפן קייגן מיר.
האלט א פאנצער און א שילד און שטיי מיר ביי.
ציִ ארויס א שפּיז, פארשטעל דעם וועג די רודפים מיינע.
זאָג מיר: „איך — דיין הילף!"

זיי באצאָלן שלעכטס פאר גוטס און ברענגען עלנד,
צאָרן.
ווען עמעצער פון ז י י איז קראנק געוואָרן,
איז מיין קלייד געווען א זאק, געפייניגט זיך מיט פאסטן;
זאָל מ י ך דאָס אָנגיין וואָס איך האָב אויף זיי געבעטן.
ווי א פריינד,
א ברודער,
האָב איך זיך פארהאלטן;
ווי א טרויער־מוטער האָב איך פינצטער זיך געבויגען,
און מיר אויסגעווויינט די אויגן.
האָב א י ך געשטרויכלט, האָבן זיי געפרייט זיך.
שורקן האָבן זיך פארזאמלט,
שטיקער פלייש פון מיר געריסן ווען זיי האָבן זיך צעהיצט,
אין קרייז פון חונפים און פון לצים האָבן זיי די ציין אויף מיר געקריצט.
גאָט, ווי לאנג וועסטו נאָך קוקן?
ראטעווע פון אומגליק מיר מיין לעבן,
מיין נשמה פון די לייבן!

זאָלן זיך פארשעמען יענע וואָס מיין לעבן זוכן,
פארבלאסן זאָלן די וואָס טראכטן צו מיין שלעכטס,
זיי זאָלן זיין ווי פּליעווע אינעם ווינט געטריבן פון א מלאך!

זייער וועג זאָל פינצטער זיין און גליטשיק און א מלאך זאָל זיי רודפן —
ווייל זיי האָבן אמעזיסט א נעץ פאר מיר פארשפרייט,
אמזיסט א גרוב פאר מיינעטוועגן אָנגעגרייט.
עס זאָל א בראָך, א פלוצמדיקער, אויף זיי קומען
און די נעץ, פאר מיר פארשפרייט, זאָל זיי אליין באצווינגען
און מיין נשמה זאָל מיט גאָט זיך פרייען און א לויב אים זינגען.
אלע מיינע ביינער וועלן זאָגן: גאָט מיין! ווער ווי דו
וואָס ראטעוועט דעם אָרימאן פון שטארקן
און דעם אביון פון בארויבער!
זאָלן זיך ניט פרייען מיינע אמעזיסטע שונאים,
זאָלן מיינע אמעזיסטע פיינט ניט ווינקען מיט די אויגן
און שפייען מיר אין פנים.
אויף שטילע מענטשן טראכטן זיי נאָר פאלשקייט;
די מיילער האָבן זיי אויף מיר געעפענט און געשריגן:
„בראוואָ! בראוואָ! אונדזער אויג געזען דיין צרה!"
שווייג ניט גאָט און ניט דערווייטער זיך פון מיר;
וואך־אויף, דערוועק זיך פאר מיין משפט,
נעם זיך אָן מיין קריוודע.
משפט מיך לויט דיין גערעכטיקייט
און זאָלן ניט דערלעבן מיינע פיינט נקמה־פרייד;
זאָלן זיי אין הארץ ניט זאָגן: אונדזער ווונטש דערפולט געוואָרן!
זאָלן זיי ניט זאָגן: „אָפּגעהאקט אים זיינע יאָרן!
זאָלן זיך פארשעמען אלע וואָס זיך פרייען מיט מיין שלעכטס!
אָנגעקליידט מיט שאנד און בושה זאָלן ווערן די וואָס גרויסן זיך
אקייגן מיר.
זאָלן זינגען און זיך פרייען די וואָס ווילן מיין גערעכטיקייט;
זיי זאָלן תמיד זאָגן: גרויס איז גאָט וואָס וויל דעם שלום פון זיין
קנעכט!
און מיין צונג וועט ריידן דיין גערעכטיקייט
מיט לויב באגלייט.

# משך חסדך ליודעיך
(דער צדיק און דער רשע).

— קאפיטל לו —

רעדט דער יצר־הרע אינעם הארץ פון רשע,
(פחד גאָטס ניטאָ ביי אים)
ווינקט אים מיט די אויגן, רעדט אים אָן צו זינד,
דאָס גוטע פיינט צו האָבן —
פארמיידט ער גוטס צו טון,
צו לערנען,
און די ווערטער פון זיין מויל — באטרוג;
אויף זיין געלייגער טראכט ער אומרעכט,
שטעלט זיך אויף ניט־גוטן וועג, פארמיאוסט ניט וואָס איז שלעכט.

*

גאָט, ביז צו די הימלען דיין גערעכטיקייט און דיין געטריישאפט;
דיין גוטס ווי ריזנבערג, דיין משפט ווי דער תהום.
דעם מענטש און דער בהמה העלפסטו גאָט.
ווי טייער איז דיין חסד, אלהים!
די מענטשן שיצן זיך אין דיינע פליגלס שאָטן,
זעטיקן זיך פון דיין שפע, טרענקסט זיי אָן פון דיינע פארגעניגן־טייכער.
נאָר מיט דיר איז דער מקור פון לעבן;
פון ד י י ן ליכט האָבן מיר ליכט.

*

דיין חסד צי צו דעם וואָס ווייסט דיך, און דיין גוטס צו די מיט גוטע הערצער.
זאָל אויף מיר ניט קומען פוס פון שטאָלץ,
און האנט פון רשע זאָל מיך ניט פארוואָגלען.
דעמלט וועלן פאלן און פארשטויסן ווערן די וואָס זינדיקן
און ניט קענען אויפשטיין מער.

---

# שכן ארץ ורעה אמונה
(בלייב אין לאנד און גלויב)

— קאפיטל לז —

קאָנקוריר נישט מיט א מענטש וואָס פלאָנט בלויז שלעכטס און איז מצליח!

עוולה־טוער זאָלסטו ניט מקנא זיין!
ווי גראָז זיי וועלן גיך פארטרוקנט,
ווי גרינע קרייטעכצער פארוויאנעט
און ווי רויך פארשניטשעט ווערן.
אבאלד וועט ניט קיין רשע מערער זיין,
דו וועסט אים זוכן אויף זיין פלאץ — ניטאָ ער.

פארלאָז זיך אויפן אייבערשטן, טו גוטס, פארבלייב אין לאנד און שפייז דיין גלויבן,

תענוג שעפ פון גאָט, און ער וועט אלע ווינטשן דיר דערפולן,
ער וועט דיין גערעכטיקייט ארויסציען ווי ליכט, דיין משפט ווי דעם העלן טאָג.

ווארט אויף גאָט און האָף צו אים.
די וואָס האָפן צום באשעפער וועלן יארשענען דאָס לאנד,
און זיך מתענג זיין מיט שלום אָן א שעור.

*

בייזע טראכטענישן האָט דער רשע געגן צדיק
קריצנדיק אויף אים די ציין.
ער נעמט ארויס די שווערד פון שיידל,
שפאנט דעם בויגן,
אומצוווארפן נויטבאדערפטיקן,
צו שעכטן די וואָס גיין אין רעכטן וועג —
אָבער דער באשעפער לאכט פון אים,
ער ווייסט: זיין טאָג וועט קומען,
זיין שווערד וועט קומען אין זיין אייגן הארץ,
זיין בויגן און זיין אָרעם וועלן ברעכן.
בעסער איז דאָס ביסל פונעם צדיק ווי דאָס פיל פון די רשעים,

ווייל דעם צדיק שטיצט, אויף זיינע טעג גיט אכטונג, גאָט;
זיין נחלה דויערן וועט אייביק;
אין שלעכטער צייט ניט בלייבן וועט פאַרשעמט,
אין טעג פון הונגער וועט זיין זאט.

*

דעם מענטשנס טריט פון גאָט באַפעסטיגט ווען זיין וועג געפעלט,
און ווען ער פאַלט, ניט ווערט פאַרשליידערט — גאָט אים אונטערלענט.
דערווייטער זיך פון שלעכטס, טו גוטס, וועסט דעמלט האָבן רו,
ווייל גאָט פאַרלאָזט ניט זיינע חסידים,
שטענדיק וועט זיי היטן;
אָבער זאָמען פון רשעים וועט פאַרשניטשעט ווערן.

דאָס מויל פון צדיק רעדט בלויז חכמה און זיין צונג גערעכטיקייט.
די תורה פון זיין גאָט איז אין זיין האַרץ —
עס וועלן זיינע טריט ניט אויסגליטשן.
דער רשע קוקט צום צדיק, וויל אים טויטן —
אָבער גאָט וועט אים ניט לאָזן אין זיין האַנט,
אים ניט פאַראורטיילן ביים משפט.
האָף צו גאָט און היט זיין וועג,
וועט ער דערהייבן דיך דאָס לאַנד צו ארבן.

*

איך האָב געזען א רשע א טיראַן,
און איינגעוואָרצלטער וויגלייך א צווייגנהאַפטער בוים —
און אָט איז ער פאַרביי; כ'האָב אים געזוכט און ניט געפונען.
היט די ערלעכקייט און טו רעכטפאַרטיקייט,
ווייל גוטער סוף דעם גוטן מענטש.

---

# ישטמוני תחת רדפי טוב
(זיי האסן מיך ווייל איך טו גוטס).

— קאפיטל ל״ח —

דיינע פיילן האָבן זיך אריינגעשטעקט אין מיר,
דיין האנט אויף מיר אראָפּגענידערט;
אין מיין לייב ניטאָ קיין אָרט קיין גאנצער דורך דיין צאָרן,
קיין שלום ניט אין מיינעביינער מחמת מיינע זינד.
איך בין צעקרומט און טיף געבויגן,
גאנצע טעג איך גיי ארום פארפינצטערט.
בין פארשמאכט און שטארק דערשלאָגן;
עס ברילט מיין הארץ פון ווייטיק...
די כוחות האָבן מיך פארלאָזט,
דאָס ליכט פון מיינע אויגן אויסגעלאָשן.
מיינע גוטע פריינט, חברים, קרובים,
שטייען פונדערווייטנס, קוקן אָן מיין פלאָג.
מיינע שלעכטס־באגערער ריידן בייז,
א גאנצן טאָג זיי ריידן פאלשקייט,
און איך בין ווי א טויבער וואָס ניט הערט
און ווי א שטומער וואָס זיין מויל ניט עפנט,
גלייך איך האָב ניט וואָס צו זאָגן.

ווי שטארק עס זענען מיינע לעבנס־פיינד!
ווי פיל די ליגן־רעדנער
און די יעניקע וואָס צאָלן שלעכטס פאר גוטס,
וואָס האסן מיך פאר מיינע גוטע מעשים.
איך האָף צו דיר, אָ גאָט,
אז וועסט מיין פוס ניט לאָזן אויסגליטשן,
די שונאים זאָלן ניט קיין פרייד דערלעבן.
פארלאָז מיך ניט מיין גאָט,
פון מיר זיך ניט דערווייטער,
אייל זיך מיר צו העלפן, דו מיין העלפער.

## השעַ ממני ואבליגה
(לאָז מיך אָפּ וועל איך צו זיך קומען).

— קאפיטל לט —

איך האָב געטראכט:
איך וועל זיך היטן ניט צו זינדיקן מיט מיינע רייד,
אויף מיין מויל איך וועל א שלאָס אויפהענגען,
ווי א שטומער וועל איך שווייגן
און זיך ניט באקלאָגן אינעם רשעס געגנווארט —
איז אָבער מיין געוויי אזוי געהייער,
אז מיין הארץ האָט זיך דערהיצט
און ס׳האָט מיין צונג גערעדט מיט פייער:
מאך מיך וויסן, גאָט, מיין סוף,
די מאָס פון מיינע טעג,
כ׳זאָל וויסן וויפל גאָרנישטיק איך בין.
דו האָסט דאָך מיינע טעג געגעבן ווי א טפח גרויס,
מיין לעבנסצייט ווי גאָרנישט,
נאָר די פּאָרעם פונעם מענטש זיך דרייט ארום;
ווי פּוסט און נאריש איז זיין גאנצער טאראראם,
ער זאמלט און ניט ווייסט ווער ס׳וועט געניסן.

בעט איך גאָט זאָלסט מיך צו שאנד ניט מאכן פאר נבלים, נידערטרעכ־טיקע.

טו אָפּ פון מיר דיין פּלאָג,
פון קלאפּ פון דיינע הענט
ווער איך פארלענדט.
דו פייניגסט מיט יסורים
און צעטאָפּעסט אלץ וואָס איז דעם מענטשן טייער,
ווי א מילב צעפרעסט א בגד.
אך ווי גאָרנישטיק עס איז דער מענטש!

קער זיך אָפּ פון מיר, אָ גאָט, וועל איך א קאפּ זיך אויפמונטערן, איידער כ׳גיי אוועק און בין ניט מער.

# אלהי, אל תאחר

(גאָט, זאָלסט ניט פארשפעטיקן).

— קאפיטל מ׳ —

איך האָב געהאָפט און גאָט האָט מיין געשריי דערהערט:
ארויסגעצויגן מיך פון גרוב ווו פינצטערניש און זומפיק ליים,
און מיינע פיס געשטעלט אויף פעלדז, געפעסטיקט מיינע שריט,
געגעבן אין מיין מויל א ניי געזאנג, א לויב צו גאָט,
אסאך עס וועלן זען און פאָרכטן, און פארלאָזן זיך אויף גאָט.
ווייל דעם מענטש וואָס האָט צו גאָט זיין צוטרוי,
זיך ניט ווענדט צו שטאָלצע
און צו צוזאָגערס וואָס קענען זייער וואָרט ניט האלטן.

*

דו ווילסט ניט קיין קרבנות,
האָסט די אויערן געעפנט מיר, צו הערן דיין פארלאנג,
האָב דעמלט איך געזאָגט:
מיין גאָט, איך וויל דיין ווילן טון.

*

דיין הילף האָב איך ניט אין מיין הארץ פארדעקט;
פארמייד־זשע ניט דיין רחמימקייט פון מיר,
דיין חסד און דיין אמת זאָלן תמיד היטן מיך.
עס האָבן מיך ארומגערינגלט שלעכטיקייטן אָן א צאָל,
עס זענען צרות איבער מיר געקומען
אז איך האָב שוין מער ניט זען געקאָנט;
זיי זענען מערער ווי די האָר פון קאָפ;
עס האָט מיך שוין געהאט מיין הארץ פארלאָזט.

איצטער וועלן זיך פארשעמען אלע
וואָס געגארט, מיך צו פארלענדן.

עס וועלן שטוינען וועגן זייער בושה
די וואָס האָבן זיך געפרייט מיט מיינעליידן.

פרייען וועלן זיך בלויז די וואָס דיך באגערן.
איך בין אָרעם, שוואך,
זאָלסט דו גאָט פאר מיר זארגן,
דו מיין הילף, מיין רעטער —
נאָר, מיין גאָט, איך בעט דיך, לייג ניט אָפּ אויף שפעטער.

---

# משכיל אל דל

(דער לוין פאר זאָרגן פארן שוואכן).

— קאפיטל מא —

ווייל איז דעם וואָס קוקט זיך צו צום שוואכן —
דעם וועט שירמען גאָט אין טאָג פון פיין;
וועט היטן אים, דאָס לעבן געבן א געשענק,
וועט גליקלעך זיין,
און ס'וועט קיין שונא איבער אים קיין שליטה האָבן.
אויפן קראנקנ־בעט וועט גאָט אים אונטערלענען,
לייכטער מאכנדיק זיין קרענק.
בעט איך:
גאָט, לייטזעליק מיך און טו א היילונג מיר באשערן,
ווייל בלויז קייגן ד י ר האָב איך געזינדיקט.
מיינע שונאים זאָגן:
„ווען וועט ער שוין שטארבן און זיין נאָמען וועט פארלוירן ווערן?"
און ווען איינער קומט מיך זען —
רעדט ער פאלש;
אין הארצן זאמלט ער עוונות קייגן מיר,
און שפעטער,
ווען ער גייט ארויס —
רעדט ער.

שטענדיק טראכטן זיי געמיינע זאכן בלויז:
„מסוכן־שווערע קרענק אויף אים זיך אָנגעזעצט,
ער וועט שוין מער ניט אויפשטיין".

אפילו מיין אינטימער פריינט
אין וועלעכן געהאט מיין גאנצן צוטרוי, גלויבן,
האָט אויף מיר זיין פיאטע אויפגעהויבן.

אָבער דו מיין גאָט וועסט זיך דערבארעמען און אויפרעכטן,
וועל דעמלט איך באצאָלן זיי.
דערמיט וועל וויסן אז דו מיך באגערסט,
ווען דו מיין ווונטש דערהערסט:
עס זאָל מיין פיינט ניט שאלן וועגן מיר
און דו האָסט מיך דאָך, דאנק מיין גאנצקייט,
תמיד אונטערשטיצט
וועל ווערן איך אויך ווייטער פון דיין מאכט געשיצט.

---

(דאָ ענדיקט זיך ספר ראשון).

## באמערקונגען

1. דאָס איז איינס פון די חז״ל־לידער וועלכע איך גרייט צו צום דרוק. אין דידאַזיקע איז ניט צו בעמען אין באטראכט די געניויקייט פונעם סוביעקט, אין היסטאָרישן אָדער כראָנאָלאָגישן זין. ליד איז ניט היסטאָריע און ניט כראָניק; ליד איז ענטוועדער רעוואָלט אָדער געפיל. רעוואָלט קייגן מיאוסקייט און אומגערעכטיקייט און געפיל פאר שיינקייט און צערטלעכקייט.

2. די העלדן פון דידאָזיקע לידער דינען בלויז ווי טיפּן פאר דער מאָראל וועלכע איז ארויסצודרינגען פון דעם וואָס עס ווערט וועגן זיי דערציילט, אָדער צוליב דעם סיפור המעשה גופא.

3. דער מקור צו „ר׳ יוחנן און ריש לקיש״ געפינט זיך אין בבא מציעא פד.

# ר׳ יוחנן און ריש לקיש

.1

שפאנט א דרייסטער שמעון אויפן ברעג פון ירדן,
שפיזט אריין די בליקן אינעם חרמון,
תבור,
און זיין ווילד־צעשויבערטע כאוואדזשא־באָרד,
מאכט ווילדער נאָך די ווילדקייט פון זיין בליק.

חוצפה׳דיק עס טאָרעט דער בעל־דבר:
היינט חצות וועט חברה זיין „צו גאַסט״
ביי רבי אליעזר בן חרסום.
עס איז ניט שייך,
איינער זאָל אזויפיל האָבן
אז אפילו די משרתים זיינע זאָלן אים ניט קענען,
און א צווייטער —
שווארץ ווי סאדזע זיינע ווענט...
ווען ג אָ ט לאָזט אומגערעכטיקייטן הערשן,
מוזן מ ע נ ט ש ן זיי פארעכטן...

און בעת ער גיט א קלעם צונויף די סענקעוואטע פויסטן
און א ציינער־קריץ לעהיי א זשארגע —
טוט א בלאסק אים עפּעס אין די אויגן.
ווענדט ער אָפּ די בליקן פון די בערג און טאָלן,
די געדאנקען פון דער אומגערעכטיקייט,

און עגבערט אײַן די אויגן אין דער זכר־פּעע
וואָס בלענדט פון טײַך ארויס.
צו טראַכטן,
איבערלייגן,
שאלות פרעגן,
איז קײן כוח
און קײן צײַט ניטאָ.
טוט ער א שפּרונג אין וואסער
גלײַך צום באָדנדיקן,
און מיט א פּארכאפּטן אָטעם שרײַט:
„דײַן שײנקײט פּאסט פאר פרויען!"

רבי יוחנן זיך ניט עמאָציאָנירט,
זײַן גלײַכגעוויכט ער ניט פארלירט;
געוווּסט ווי שײן ער איז,
געוווּסט אז ווען ער אין א טונקל שטיבל קומט,
ווערט ליכטיק פון זײַן פּנים־ליכט,
און ניט פון יצר־הרע וועגן
שטײט ער אויף דער מקווה־טיר...
געענפערט מיט א טיפן ערנסט:
„דײַן כוח פּאסט פאר תורה".

— תורה?!
וועמען נוצט עס?
ווער באדארף עס?
— וועגן דעם אן אנדערש מאָל.
אצינדער —
— וואָס?
שמעונס בליק ווערט ווייך און צערטלעך
— איצטער...

זאָגט ר׳ יוחנן:
די ברעמען גרייכן ביז אין האלבן שטערן,
און די אויגן — צוויי לאָמטערן
— איצטער רעדן מיר פון שיינקייט.
— און?
אין שמעונ׳ס אויגן זיך א מאָדנע גלאַנץ צעבליט...
— שיינקייט איז דיר ליב?
— ליבער ווי דאָס לעבן.
— זייזשע וויסן,
אויב דו ווערסט באצאָלן
מיט א פרייז וואָס טייערער ווי לעבן,
ווערסטו זי געניסן.
— רעדסט מיט רעטענישן!
שמעונס ליפּן ספּאזמיש קאָנוווּלזירן,
באָרד צעפּאלדעוועט אין ווינט,
דער שטערן זיך צעאַקערט,
און די אויגן זיך צעפלאַקערט:
— זאָג, וואָס מיינסטו?
— בערג און טאָלן.
— וואָסער מין גערעדעכץ דאָס?
רמזים בלויז!
נאָר אָפּגעהאַקטע ווערטער!
— ניט געבייזערט.
כעס איז עבודה־זרה.
אָט וועל איך דיר׳ס לאָזן הערן.
— נו שוין!
— איך האָב א שוועסטער איז זי שענער מיט אסאך פון מיר;
איז אויב די ווילסט,
וועט זי זיין דיין באשערטע;
און דאָס דער מוהר:
הייליקן דיין כוח טאָג און נאכט —

דער תורה;
מסכים?״

שמעון האָט קיין רגע ניט געטראַכט,
מיניה־וביה געענפערט:
„מסכים!״

און אין דעם מאָמענט שוין
האָט דערפילט ער:
אין זיין הארץ,
איז עפּעס אָפּגעשטאָרבן,
עפּעס נייגעבוירן...
און ער האָט פארשטאנען:
פון אצינדערט,
וועט ער מער ניט זיין אזא בן־חורין.

— איז נאָך מעגלעך עפּעס אויסצולערנען אין מיין עלטער?
איך בין דאָך א בן־ארבעים!
ווער וועט זיך דאָס וועלן
מיט אן אלטן עם־הארץ נעמען קנעלן?
— הער אויס — אים ענפערט יוחנן געלאסן:
אויף צו לערנען,
קיינמאָל ניט צו שפּעט.
עקיבא ניט געוועזן יינגער
ווען האָט לערנען אָנגעהויבן
און געוואָרן איינער פון די ליכטיקסטע פיגורן
אינעם פאַנטעאָן פון פאָלק;
דורי־דורות וועלן וואנדלען אין זיינע שפּורן;
דיר,
וועט זיין אָן שיעור גרינגער.

.2

זיצט ריש לקיש מיט ר׳ יוחנן,

קיין רגע לבטלה ניט פארלירן.

שפּאַלטן האָר אין פּירן,

שטענדיק נאָר וויכוחים,

שטענדיק שפּארעונישן,

פּלפּול און הוויות,

תא־שמע׳ס און איבעיאַס,

רבי יוחנן מיט סלקא־דעתך־סברות:

דאָס איז חייב מיתת בית־דין,

יענץ איז חייב כרת,

און ריש לקיש

מיטן ל ע ב ן,

מיטן גראָדן שכל,

בינה,

ניט מיט טאָמער,

הוה־אמינא...

ניט איינמאָל זידט אין יוחנן דאָס בלוט

אויף אַ־דעם עקשן וואָס איז היינט זיין שוואָגער און זיין תלמיד,

און עס ווערט אים עפּטער פריקרע אויפן הארצן

ווען ער זעט,

ניט סטייען זיינע כוחות ווי א תרצן...

נאָר בדיעבר

טוט אים שטארק הנאה:

„מעסערס וואָס זיך שארפן״...

.3

איינמאָל ביי אזא וויכוח,

ווו עס איז די רייד געקומען פון אן אייזן־כלי,

ווען מ׳קען מיט איר א מענטש דערהארגענען,

און שמעון האָט זיך פון זיין שטאנדפונקט

ווי א פעלדזן ניט גערירט —

האָט יוחנן צוויי שטעכנדיקע בליקן אין זיין תלמיד אריינגעשטאָכן

און מיט רוגזה אויסגעשריגן :

„א גזלן איז א קענער אין גזלנות !״

ריש לקיש האָט געשוויגן — — — — — —

די מסקנא —

ר׳ יוחנן וואָס פריער האָט געהאט א בתולה צו פארזאָרגן,

האָט אצינד באדארפט צו זאָרגן

פאר א יתום און פאר אן אלמנה...

*

און ווען אלעזר בן פדת פארנומען האָט דעם פלאץ ריש לקישס

און צו יעדער מימרא רבי יוחננס געבראכט א ראיה

אז עס געהערט אזוי —

האָט זיך ר׳ יוחנן צעוויינט :

שמעון האָט געפלעגט צו ברענגען פיר־און־צוואַנציק ראיות אויף פארקערט,

האָב ווידער איך געבראכט דיזעלבע צאָל אז דווקא יאָ אזוי —

האָט די עקשנות,

די חריפות זיינע,

מיין בקיאות

אלץ פארשארפט,

פארמערט,

און הײנט — — —
ריש לקיש... שמעון...

— — — — — — — — — — — —

רבי יוחנן פארמאכט די פײכטע אויגן,
די גמרא,

טראכט פון כעס...
פון עבודה זרה...
טראכט...
און טראכט...
און טראכט...

---

## ציטאט

א״ר ירמיה א״ר שמעון בן לקיש־שני ת״ח הנוחין זה לזה בהלכה, הקב״ה מקשיב להן (שבת סג.) האָט געזאָגט ר׳ ירמיה און נאָמען פון ר׳ שמעון בן לקיש: צווײ תלמידי־חכמים וואָס זענען פרײנטלעך אײנער צום צווייטן בשעת׳ן לערנען, הערט זיך הקב״ה צו צו זײ.

---

## פונעם זעלבן מחבר

די לײמענע פויסט (משלים, משלים־באלאדעס; דערצײלונגען און סקיצן) 1937

דאָס ליכט אין די אותיות (לעגענדע און איבערזעצונג) 1938

האציל המהפכן (איבערזעצונג און אָפּשעצונג). 1960

# די מיינונג איבערן לעצטן

יצחק אבינרי: **לקט התרגומים סובב כולו על ציר אחד: „רשע בעוונו ימות" רעיון זה, המובע בכתבי הקודש ובספרי חז"ל בכל מיני פתגמים ומאמרים הטביע המחבר ביסוד הספר שלפנינו. לשם זה הובאו כאן תרגומים מיצירות שילר המכוונות לכך, כגון: „וילהלם טל" „גן העדנים" „רוסו" „ערבות" "כרוכיות איביקוס" „טבעת פוליקרטס" ועוד.**

**בדברי הערכתו של המתרגם (הבאים אחרי לקט השירים) מודגשת המגמה העיקרית של ביעור הרע. המתרגם צופה, כמובן, גם מתוך האספקלריה של ימינו הטבועים ביוון רשעה ושחיתות, הן בעולם הגדול והן בארצנו הקטנה. הוא סוקר בקצרה את השירה והספרות הקלוקלת („שירה מודרנית" „רוח הזמן") שבה שורצים נגעי הנפש של בני אדם בימינו, והוא מתנחם באמונתו, כי „זוהי זוהמה חולפת, אשר החוש הבריא של עם בריא יגרפה כגרוף הגשם את סוחת ה־חוצות". אשרי המאמין, ומי יתן והיה כן.**

**גם דברי השיר גם דברי הפרוזה — כולם טבועים ברוח האמונה החזקה בשלטון הצדק ובאבדן הרשע. ואף כי בימים טרופים אלה לא קל להאמין בכך — הרי מכל מקום הנאה נפשית ייהנה כל קורא, בראותו כי לא פסו אמונים מבני אדם.**

**גם במלאכת התרגום ניכרת תכונת האמונים, כלומר נאמנות למקור, בניגוד למאמר האיטלקי: „טראדיטורה טראדיטורה" (בוגד המתרגם). ויש בו אף שורות הראויות להיות לניב שגור מפאת התוכן והקצב גם יחד. ובראש וראשונה — הפתיחה „וילהלם טל".**

אברהם קריב: **„זו הפעם הראשונה שהוצג פרידריך שילר לפני קהל הקוראים העברים, הן בצרור נבחר מתוך שירתו והן בסקירה על עיקר יצירותיו והן בהבלטת היסוד האידיאי של יצירתו כולה.**

**יישר כוחו של המחבר על המעשה החשוב כשלעצמו שחשיבות־משנה לו בימינו, כשהאידיאליזם הולך ופוחת גם בחיים וגם בספרות".**

פרופ' שמעון הלקין: **הספר „האציל המהפכן" לנתן אבי אביר־ציון, הוא מתנה יפה לספרותנו".**

---

**הסתפקתי בקטעים מדעתם של שלשה סופרים דגולים אלה, בהיות שלשתם ידועים לקורא העברי בהקפדתם היתרה ובבקיאותם הרבה, הן בעניני לשון, והן בערכי ספרות.**